ו. גראָסמאַן — י. וויערניק

# טרעבלינקע



די גאנצע הכנסה פון דעם דאזיקן בוך
איז באשטימט פארן הילפס-קאמפיין
פון דעם פוילישן יידנטום.

# „דאס פוילישע יידנטום"

ביכער-סעריע פון דעם צענטראל-פארבאנד פון פוילישע יידן
אין ארגענטינע

רעדאקטאר: מארק טורקאוו


שוין דערשינען:

**מארק טורקאוו:** מלכה אַוושיאַני דערציילט... (כראָניק פון אונדזער צייט)

**ה. ד. נאָמבערג:** י. ל. פרץ

עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

**אלחנן צייטלין:** אין א ליטעראַרישער שטוב.

**ז. סעגאַלאָוויטש:** געברענטע טריט...

עס גרייט זיך צום דרוק:

**פראָפ. ד"ר מאיר באַלאַבאַן:** די יידן-שטאָט לובלין.

**ד"ר עמנואל רינגעלבלום:** צו דער געשיכטע פון יידן אין ווארשע.

**ד"ר יצחק שיפער:** יידן אין אלט-פוילן

**צפורה קאַצענעלסאָן-נאַכומאָוו:** יצחק קאַצענעלסאָן.

**זלמן וואַסערצוג:** יאַנוש קאָרטשאַק

**א. ל. שוסהיים:** סילועטן און עפּיזאָדן פון גאַליציע

**מאַרק טורקאָוו:** אַלט און ניי-וואַרשע.

**ש. פריילעך:** מעזריטש

**שניאור וואַסערמאַן:** כעלם (זכרונות פון א קוריאָזער שטאָט)

---

ווענן אלע ענינים, וואס האבן א שייכות מיט דער ביכער-סעריע „דאַס פוילישע יידנטום" זיך ווענדן:

**Unión Central Israelita Polaca en la Argentina**

Pueyrredón 667 Buenos Aires

וו. גראָסמאַן — י. ווערניק

# טרעבלינקע...



אַרויסגעגעבן דורכן

צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע

בוענאָס איירעס, 1946

# צום לייענער

טרעבלינקע — דאָס איז דער נאָמען פון דעם דריטן בוך פון דער סעריע „דאָס פוילישע יידנטום", וואָס דער צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע גיט איצט אַרויס.

דאָס איז אַ נאָמען, וואָס סימבאָליזירט פאַר אונדז דעם גאַנצן שווידער פון יידישן אומקום אונטער דער בלוטיקער נאַצי־הערשאַפט, אַ נאָמען, וואָס דערמאָנט אונדז אָן מיליאָנען פאַרפייניקטע און אין אַש פאַרוואַנדלטע יידישע לעבנס, אַ נאָמען, וואָס רופט נאָך נקמה.

דער דאָזיקער נאָמען רעדט שוין פאַר זיך אַליין אַזוי פיל, עס שרייט ממש פון זיך אַרויס, אַז מיר מיינען, אַז קיין שום קאָמענטאַרן, קיין שום איינלייטונגען צום דאָזיקן בוך דאַרף מען נישט האָבן.

עס איז אַ בוך, וואָס דאַרף און מוז געלייענט ווערן דורך יעדן, וואָס פילט אויף זיך די אחריות, פאַר דער צייט, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט און וואָס מיר לעבן נאָך איבער היינט צו טאָג.

ריכטיק ווייזט־אָן וואַסילי גראָסמאַן, אַז:

„די פליכט פונעם שרייבער איז דערציילן דעם שרעקלעכן אמת, די בירגער־פליכט פון דעם לייענער צו וויסן דעם דאָזיקן אמת. יעדער איינער, וואָס וועט זיך אָפּקערן, וואָס וועט פאַרמאַכן די אויגן און פאַרבייגיין וועט באַליידיקן דעם אָנדענק פון די אומגעקומענע..."

מיר ווילן זיך דעריבער בלויז באַגנוגענען מיט אייניקע באַמער־קונגען וועגן די צוויי דאָקומענטאַלע אַרבעטן, וואָס דאָס דאָזיקע בוך אַנטהאַלט.

די ערשטע אַרבעט „טרעבלינקער גיהנום", געהערט צו דעם באַרימטן סאָוויעטיש־יידישן שרייבער וואַסילי גראָסמאַן, וועלכער האָט באַזוכט טרעבלינקע אין סעפּטעמבער 1943, ווען יענער טייל פּוילן איז באַפרייט געוואָרן דורך דער סאָוויעטישער אַרמיי.

וואַסילי גראָסמאַן גיט אונדז דאָ אַן אַלזייטיק בילד פון דעם טרעבלינקער טויטן־לאַגער, פאַקטן, וואָס זיינען דאָקומענטירט דורך דערקלערונגען פון דירעקטע עדות, דורך געפּייניקטע, אָבער צום גליק, לעבנגעבליבענע יידן, דורך פּויערים, וואָס האָבן בייגעוווינט די פּייניקונגען און דורך דייטשן, וואָס די רויטע אַרמיי האָט אַרעס־טירט נאָכן פאַרנעמען טרעבלינקע.

„טרעבלינקער גיהנום", וואָס מיר דרוקן דאָ איבער איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן אין יאָר 1945 אין דעם מאָסקווער מלוכה־פאַר־לאַג „אָגיז" אין אַ יידישער איבערזעצונג פון פ. קאַטלער.

די צווייטע אַרבעט, „אַ יאָר אין טרעבלינקע", זיינען זכרונות פון יאַנקל וויערניק, וואָס באַציען זיך צום אויפשטאַנד אין דעם טרעב־לינקער לאַגער, וועגן וועלכן גראָסמאַן דערמאָנט אויך. אַזוי אַרום דערגענצן זיך ביידע פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן.

דער מחבר פון די זכרונות איז אַ וואַרשעווער בעל־מלאכה, וועלכער האָט זיך נאָכן אויפשטאַנד אין טרעבלינקע געראַטעוועט צוריק קיין וואַרשע, ווו ער האָט אָנגעשריבן זיינע זכרונות. דער יידישער קאָאָרדינאַציע־קאָמיטעט אין וואַרשע האָט דאָס ביכל פאַרעפנטלעכט אומלעגאַל נאָך אין די טעג פון דער נאַצי־ממשלה אין פּוילן און אייניקע עקזעמפּלאַרן זיינען איבערגעשיקט געוואָרן קיין לאָנדאָן צו די מיטגלידער פון דעם דעמאָלטיקן פּוילישן נאַ־ציאָנאַל־ראַט ד"ר איגנאַצי שוואַרצבאַרד און ד"ר עמאַנועל שערער. דורך זיי איז דאָס ביכל אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, ווו עס איז פאַר־

עפנטלעכט געוואָרן אין די אַרטיקע טאָג-צייטונגען און שפּעטער האָט עס דער פאַרלאַג „אונדזער צייט" ארויסגעגעבן אין א בראָשור.

אין דעם אריינפיר-וואָרט פון די ארויסגעבער זאָגט זיך צווישן אנדערן, אז אין דעם אונטערערדישן באריכט, וואָס דער „בונד" אין ווארשע האָט ארויסגעשיקט קיין אויסלאנד דעם 24-טן מאי 1944, ווערן אָנגעגעבן פאָלגנדיקע פּרטים:

„דער מחבר פון דער בראָשור „א יאָר אין טרעבלינקע", איז איינער יאנקל וויערניק, וועלכער איז א פול יאָר געווען אין דעם דאָזיקן טויטן-לאגער. שפּעטער האָט ער צוזאמען מיט אנדערע אָרגאניזירט אן אויפשטאנד, וועלכער האָט זיך פאַרענדיקט מיטן פארניכטן דעם לאגער, פאַרברענען די איינריכטונגען און דערהרגענען די דייטש-אוקראינישע וואך. א גרויסע צאָל פון די געפּייניקטע אין לאגער זיינען באפרייט געוואָרן. איך האָב געהאט א געלעגנהייט — שרייבט דער ארויסשיקער פונעם אונטערערדישן באריכט — צו האָבן א שמועס מיט וויערניקן. ער האָט מיר דערציילט, אז זיין „עלעמענטארע שול", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, האָט ער דורכגעמאכט אין יאָר 1904 און אין די שפּעטערדיקע יאָרן אין „בונד", און זיין „מיטלשול-בילדונג" אין די בונדישע שולן פון „זעלבסטשוץ"; שפּעטער איז ער געווען א האנטווערקער, האָט געהערט צו דער האנטווערקער-קאַמער און האָט זיך מיט פּאָליטישער ארבעט נישט פארנומען".

יאנקל וויערניק איז געווען אן אויסגעצייכנטער בעל-מלאכה, די ערשטע יאָ־ן פון דער היטלער-אָקופּאציע האָט ער געוווינט מיט זיין פאמיליע אויף וואָלינסקע גאס אין ווארשע, ביז מען האָט אים, צוזאמען מיט אנדערע, געכאפּט בעת די דעפּאָרטאציעס פון ווארשעווער געטאָ און ארויסגעפירט קיין טרעבלינקע.

די ארבעטן פון וואסילי גראָסמאַן און יאנקל וויערניק וועגן טרעבלינקע, זיינען א וויכטיקער ביישטייער צו דער געשיכטע פון יידישן חורבן אין פוילן און יידישן ווידערשטאַנד־קאמף קעגן דער נאצישער הערשאפט.

מיר גיבן ארויס דאָס דאָזיקע בוך דורכן צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין ארגענטינע, אויף דער וועג אין א אייגענעם־ביכער־סעריע „דאָס פוילישע יידנטום".

**די רעדאַקציע**

בוענאָס איירעס, אַפּריל 1946.



טרעבלינקע איז דער ווייזער צו נקמה

אין גיהנום אַן אָנגעמערקטע קאָרט...

געווינען וועט מען זיכער די מלחמה,

פאַרשפּילן וועלן מיר דעם יידן-מאָרד.

אין ווייסן קאָנגרעס-הויז, אין וואַשינגטאָנער,

אין ענגלאַנד דאָרט, אין שטייפן לאָרדן-הויז...

טרעבלינקע איז דער מאָנער און דערמאָנער,

טרעבלינקע שרייט פון אונדזער בלוט אַרויס...

טרעבלינקע זאָל זיך זיגלען און פיקסירן

און רופן פליכט, וווּ פליכט איז נאָר פאַראַן —

אויף וועסטמינסטער, אויף קלויסטערס שווערע טירן

און אויף די ווענט פון אַלטן וואַטיקאַן...

ז. סעגאַלאָוויטש

(פּונעם בוך „א בוים פון פּוילן")



דער אייזערנער פּלויט פון טויט־לאגער אין טרעבלינקע

.1

מזרח-צו פון ווארשע, לענגאויס דעם מערב-בוג, ציען זיך זאמדן און זומפן, געדיכטע סאָסנע-וועלדער און בלעטער-וועלדער. א טרויעריק און וויסט אָרט. דערפער טרעפן זיך דאָ זעלטן. אי דער גייער, אי דער פאָרער מיידן אוים די זאמדיקע, שמאָלע שטעגלעך און וועגלעך, ווו די פים זינקען און די רעדער קריכן ביז דער אַקס אריין אין טיפן זאמד.

דאָ, אויף דער שעדלעצער אייזנבאַן, העכער 60 קילאָמעטער פון ווארשע, נישט ווייט פון דער סטאציע מאלקין, ווו עס שניידן זיך איבער די אייזנבאַנען, וואָס פירן קיין ווארשע, ביאַליסטאָק, שעדלעץ, לאָמזשע — געפינט זיך די קליינע, פארוואָרפענע סטאציע טרעבלינקע.

א סך פון די, וועלכע מען האָט אין 1942 געבראכט צו פירן קיין טרעבלינקע, איז פרידנצייט געווים אויסגעקומען פארבייצופאָרן דאָ, מיט א צעשטרייטן בליק זיך אָפּצושטעלן אויפן אומעטיקן פּייזאזש — סאָסנעס, זאמד, זאמד און ווידער אמאָל סאָסנעס, שיטער גראָז, טרוקענע קוסטעס, גרויע, מרה-שחורהדיקע סטאציע--געביידעס. קרייצונגען פון אייזנבאַנען... און אפשר האָט אויך דער פּאסאזשיר אויף א רגע פארהאַלטן זיין בליק אויף דער באַן, וואָס גייט פון דער סטאציע און פארשווינדט אין וואלד, צווישן די סאָסנעס. אָט די באַן פירט צום קאַריער, ווו מען פלעגט ארויסבאַקומען ווייסן זאמד פאר דער אינדוסטריעלער און שטאָטישער בויאונג.

דער קאַריער געפינט זיך 4 קילאָמעטער פון דער סטאציע, אויף א פּוסטקע, וואָס איז פון אַלע זייטן ארומגערינגלט מיט א סאָסנע-וואלד. דער באָדן איז דאָ קאַרג און אָרעם, און די פּויערים באַארבעטן אים נים.

די פּוסטקע איז שוין אַזוי פאַרבליבן אַ פּוסטקע. ווו-ניט-ווו הייבן זיך נעבעכדיקע סאָסנעלעך. אַ פויגל פליט אַמאָל פאַרביי. די דאָזיקע פּוסטקע האָט דער דייטשער רייכספירער פון ס. ס. היינריך הימלער אויסגעקליבן און באַגיטיקט אויף צו אָרגאַניזירן אויף איר אַן אומגעהויערע שחיטה, אַ שחיטה, וואָס פון אַזאַ האָט די מענטשהייט נישט געוווּסט, זינט די וועלט שטייט. דאָ איז געווען איינגעאָרדנט די דייטשע הויפּט-שחיטה, וואָס שטייגט אַריבער סאָביבור, מיידאַנעק, בעלזשעץ, אַשוויענצים.

אין טרעבלינקע זענען געווען צוויי לאַגערן: דער אַרבעט-לאַגער נו-מער 1, ווו עס האָבן געאַרבעט אַרעסטירטע פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַ-ליטעטן, דער עיקר פּאָליאַקן, און דער ייִדישער לאַגער, דער לאַגער נום. 2.

דער לאַגער נום. 1, — דער אַרבעט-לאַגער אָדער שטראָף-לאַגער, — האָט זיך געפונען דירעקט נעבן דעם זאַמד-קאַריער, נישט ווייט פון וואַלד. דאָס איז געווען אַ געוויינלעכער לאַגער, איינער פון די, וואָס די געשטאַפּאָ-לייט האָבן אין די הונדערטער און טויזנטער אויפגעבויט אין די אָקופּירטע מזרח-ראַיאָנען. דער לאַגער איז אַנטשטאַנען אין 1941. אין אים האָבן, ווי אין עפּעס אַ משונהדיקן סינטעז, עקזיסטירט אַלע שטריכן פונעם דייטשן כאַראַקטער, פאַרקריפּלטע אינעם שרעקלעכן שפּיגל פונעם היטלע-ריסטישן רעזשים. דאָ איז אַלץ געטון געוואָרן מיט דער באַרימטער דיי-טשער פּינקטלעכקייט, פּעדאַנטישער אויסגערעכנטקייט.

דער לאַגער איז געווען צעטיילט אויף גראַד-עקן, די באַראַקן זענען געווען אויסגעשטעלט ווי לויט אַ ווירע, די ווענעלעך אַרומגעזעצט מיט בע-ריאָזקעס, באַשאָטן מיט געלן זאַמד. עס זענען געווען איינגעאָרדנט בעטאָ-נירטע באַסיינען פאַר גענדז און קאַטשקעס, באַסיינען צו וואַשן וועש מיט באַקוועמע טרעפּ, אַ מוסטערהאַפטע בעקעריי, אַ שערעריי, אַ גאַראַזש, אַ בענזין-קאָלאָנקע מיט אַ גלעזערנעם קויק, סקלאַדן — דאָס אַלץ אויף צו באַדינען דעם דייטשן פּערסאָנאַל. אַן ערך לויט דעם זעלבן פּרינציפּ — מיט גערטנדלעך, טרינק-קאָלאָנקעס, בעטאָנירטע וועגן — איז געווען איינ-געאָרדנט אויך דער לובלינער לאַגער אין מיידאַנעק, לויט דעם זעלבן פּרינ-ציפּ זענען איינגעאָרדנט געוואָרן צענדליקער אַנדערע אַרבעט-לאַגערן אין מזרח-פּרייסן און אין אַנדערע ערטער — אומעטום, ווו געשטאַפּאָ און ס.-ס. האָבן זיך געפילט פעסט אין דער דעה.

מענטשן פלעגן אנקומען אין לאגער טיילמאל אויף נאר א קורצן טערמין — אויף 4-5-6 חדשים. אהערצו פלעגט מען ברענגען צו טרייבן פאליאקן, וואס זענען עובר געווען אויף די געזעצן פון דער גענעראל-גו־בערנאטארשאפט. דערביי זענען דאס בדרך-כלל אלץ געווען קלייניקייטן, ווייל פאר אן ערנסטן „פארברעכן" איז געקומען נישט לאגער, נאר טויט אויפן ארט. א מסירה, א צופעליק ווארט, א נישט ביזן סוף אויסגעפילטע ליפערונג, אן אפזאג צו געבן א דייטש א פור אדער א פערד, א העזה פון א מיידל, וואס האט אפגעווארפן די ליבע-פארשלאגן פון אן ס.-ס.אוועץ, א חשד אויף סאבאטאזש, — דאס אלץ האט געבראכט הונדערטער און טויזנטער פאליאקן — ארבעטער, פויערים, אינטעליגענטן, מענער און מיידלעך, אלטע לייט און יונגטלעכע, מאמעס פון קינדער — אין שטראף־לאגער. ארום און ארום זענען דורכן לאגער דורכגעגאנגען פופציק טויזנט מאן. יידן פלעגן ארייפאלן אין אט דעם לאגער נאר אין דעם פאל, אויב זיי זענען געווען אנגעזעענע, בארימטע מייסטערס — בעקער, שוסטער, סטאליערס, מוליערס, שניידערס. דא זענען געווען פארשיידענע ווארשטאטן, דערונטער אויך א היפשער מעבל-ווארשטאט, וואס האט געליפערט פאטער־שטולן, טישן, בענקלעך פאר די שטאבן פון דער דייטשער ארמיי.

דער לאגער נומ. 1 האט עקזיסטירט פון הארבסט 1941 ביזן 23סטן יולי 1944. ער איז פולשטענדיק ליקווידירט געווארן, ווען די ארעסטירטע האבן שוין געהערט דעם טויבן הילך פון דער סאוועטישער ארטילעריע...

דעם 23סטן יולי אין דער פרי האבן די וואכלייט און די ס.-ס. אויס־געטרונקען פון פרייליכקייט ווענן שנאפס און זענען צוגעטראטן צום ליק־ווידירן דעם לאגער. צו אוונט-צו זענען דערהרגעט און פארגראבן געווארן אלע ארעסטירטע. עס האט זיך איינגעגעבן צו ראטעווען דעם ווארשעווער סטאליער מאקס לעוויט. א פארוואונדעטער איז ער אפגעלעגן אונטער די טויטע קערפערס פון זיינע חברים ביז נאכט און איז אוועקגעקראכן אין וואלד. ער האט דערציילט, אז ליגנדיק אין גרוב, האט ער געהערט, ווי דרייסיק יינגלעך האבן פארן טויט געזונגען דאס ליד, „שיראקא סטראנא מאיא ראדנאיא", ער האט געהערט, ווי איינער פון די יינגלעך האט א געשריי געטון: „סטאלין וועט נקמה נעמען!", ער האט געהערט, ווי לייי־בעלע, דער ליבלינג פונעם לאגער, וואס איז געפאלן צו אים אין גרוב

אריין, האָט זיך אונטערגעהויבן און אַ בעט געטון: „דער הער וואַכמאַן האָט ניט געטראָפן, איך בעט שיסן נאָכאַמאָל, נאָכאַמאָל".

איצט קאָן מען גענוי דערציילן וועגן די פּאַראַנדקעס אינעם דאָזיקן אַרבעט-לאַגער. צענדליקער עדות, פּאָליאַקן — מענער און פרויען, וועלכע זענען געלאָפן אָדער וועלכע מען האָט זיינער - צייט אַרויסגעלאָזן פון נעם לאַגער נומער 1, דערציילן אין זייערע גענויע באַווייזן וועגן די געזעצן פונעם אַרבעט-לאַגער. מיר ווייסן אויך וועגן דער אַרבעט אינעם זאַמד-קאַריער, וועגן דעם, אַז די, וואָס האָבן נישט אויסגעפילט די נאָרמע, פלעגט מען אַראָפּוואַרפן פונעם אָפּהאַנג אין רוי אַריין, מיר ווייסן וועגן דער דערנערונג-נאָרמע: 170-200 גראַם ברויט אַ טאָג און אַ ליטער שי-טערוכע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען זופּ, מיר ווייסן וועגן פאַלן פון הונגער-טויט, וועגן געשוואָלענע, וועלכע מען פלעגט אויף וועגעלעך אַרויס-פירן הינטער די שטעכיקע דראָטן און דאָרטן דערשיסן, מיר ווייסן וועגן די ווילדע אָרגיעס, וואָס די דייטשן פלעגן איינאָרדענען, וועגן דעם, ווי אַזוי זיי האָבן געשענדעט מיידלעך און גלייך אויפן אָרט געהרגעט זייערע אומגליקלעכע געליבטע, וועגן דעם, ווי אַזוי מען פלעגט פון אַ זעקס-מעטערדיקן טורעם אַראָפּוואַרפן מענטשן, ווי שיכורע קאָמפּאַניעס פלעגן ביינאַכט אַרויסנעמען פון אַ באַראַק אַ 10-15 אַרעסטירטע און אָנהויבן נישט געאיילט דעמאָנסטרירן אויף זיי פאַרשיידענע מעטאָדן פון הרגענען מענטשן, שיסנדיק די פאַראורטיילטע אין האַרצן, אין קאָפּ, אין אויג, אין מויל, אין שלייף. מיר ווייסן די נעמען פון די לאַגער-ס.-ס.אָווצעס, זייער טבע, די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן. מיר קענען דעם שעף פון לאַ-גער, דעם האָלענדישן דייטש וואַן-אייפען, דעם אומגעזעטיקטן זולל-ושו-באַניק, דעם ליבהאָבער פון גוטע פערד און שנעלן רייטער-געיעג, מיר קענען דעם מאַסיוון יונגן שטומפּפע, וועלכער פלעגט זיך שטיקן פון גע-לעכטער יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט דערהרגענען עמעצן פון די אַרעס-טירטע אָדער ווען מען פלעגט אין זיין קעגנוואַרט עמעצן דערמאָרדן. מען האָט אים געגעבן אַ צונאָמען „לאַכנדיקער טויט". דאָס לעצטע מאָל האָט אים מאַקס לעווויט געהערט לאַכן דעם 23סטן יולי 1944, ווען די וואַכלייט האָבן לויט שטומפּפעס באַפעל דערשאָסן די יינגלעך. מיר קענען דעם איין-אויגיקן דייטש פון אָדעס סווידערסקי, וועלכן מען האָט אַ נאָמען געגעבן

„האַמער-מײַסטער”. דאָס האָט מען אים געהאַלטן פֿאַר אַ קאָנקורענצלאָזן ספּעציאַליסט פֿון „אָפּלייגן אויף קאַלט”, און דאָס האָט ער אין משך פֿון עטלעכע מינוט דערהרגעט מיט זײַן העמערל פּופּצן קינדער אין עלטער פֿון 8 ביז 13 יאָר, וועלכע האָבן זיך נישט אויסגעטויגט צו שווערער אַר-בעט. מיר קענען דעם דאַרן, אויף אַ ציגײַנער ענלעכן ס.-ס.אָווער פּריפּי, מיטן צונאָמען „אַלטער”, — אַ מרה-שחורהניק און אַ שווײַגער. זײַן מרה-שחורה פֿלעגט ער צעשטרייען אויף אַזאַ אופֿן: זיצנדיק אויף דער מיסט-גרוב, פֿלעגט ער טשאַטעווען אויף די אַרעסטירטע, וואָס פֿלעגן בשתיקה קומען אַהער עסן קאַרטאָפֿל-שאָלעכץ. דאָ האָט ער זיי געפּאַקט, געצוווּנגען עפֿענען די מײַלער און דערנאָך געשאָסן אין מויל אַרײַן.

מיר ווייסן די נעמען פֿון די מערדער די פּראָפֿעסיאָנאַלן שוואַרץ און לעדעק. דאָס האָבן זיי זיך פֿאַרווײַלט דערמיט, וואָס זיי פֿלעגן שיסן אין די אַרעסטירטע, וועלכע האָבן זיך געהאַט אומגעקערט פֿון דער אַרבעט, און פֿלעגן טאָג-טעגלעך דערמאָרדן צו 20, 30, 40 מאַן.

אַזוי האָט געלעבט דער דאָזיקער לאַגער, אַ פֿאַרקלענערטע קאָפּיע פֿון מײַדאַנעק, און עס האָט זיך געקאָנט אויסווײַזן, אַז קיין שום שרעק-לעכערס איז שוין גאָר אין דער וועלט נישטאָ. די אָבער, וואָס האָבן גע-לעבט אינעם לאַגער נומ. 1, האָבן גוט געוווּסט, אַז עס איז פֿאַראַן אַזוינס, וואָס איז הונדערטער מאָל שרעקלעכער, ווי זייער לאַגער. דרײַ קילאָמעטער פֿונעם אַרבעט-לאַגער האָבן די דײַטשן אין מאַי 1942 אָנגעהויבן בויען אַ ייִדישן לאַגער — אַ גרויסע, אומגעהויערע גרויסע עקידה. די בויאונג איז געגאַנגען מיט שנעלע טעמפּן, עס זענען דאָ באַשעפֿטיקט געווען טויזנט אַרבעטער.

אין אָט דעם לאַגער איז קיין זאַך נישט געווען צוגעפּאַסט צום לעבן, אַלץ איז געווען צוגעפּאַסט נאָר צו טויט. לויט הימלערס אידיי, האָט די עקזיסטענץ פֿון דעם דאָזיקן לאַגער געזאָלט זײַן אַ גרויסער סוד. קיין איין מענטש האָט קיין לעבעדיקער נישט געטאָרט פֿון דאָרט אַרויס. קיינעם איז נישט דערלויבט געווען דערנענטערן זיך צו דעם דאָזיקן לאַגער. אויף אַ קילאָמעטער ווייט האָט מען אין יעדן צופֿעליקן פֿאַרבײַגייער געשאָסן אָן אַ וואָרענונג. די אַעראָפּלאַנען פֿון דער דײַטשער אַוויאַציע איז פֿאַרבאָטן געווען צו פֿליען איבער אָט דעם ראַיאָן. די קרבנות, וועלכע מען פֿלעגט

עשעלאָנענווייז איבער אַ ספּעציעלער קאָלייע צופירן אַהער, האָבן ביז דער לעצטער מינוט נישט געוווּסט, וואָס עס דערוואַרט זיי. די וואַך, וואָס האָט באַגלייט די עשעלאָנען, האָט מען נישט אַריינגעלאָזן אַפילו הינטער דער דרויסנדיקער צאַם פונעם לאַגער. יעדער עשעלאָן, וואָס איז געווייגלעך באַ־שטאַנען פון זעכציק וואַגאָנעס, איז אין וואַלד נעבן לאַגער צעגלידערט געוואָרן אויף דריי טיילן, אַ לאָקאָמאָטיוו פלעגט דערלאַנגען יעדע צוואַנ־ציק וואַגאָנעס צו דער לאַגער־פּלאַטפאָרמע. דער לאָקאָמאָטיוו האָט גע־שטופּט די וואַגאָנעס פון הינטן און פלעגט זיך אָפּשטעלן נעבן די דראָטן, אַזוי אַרום איז נישט דער מאַשיניסט, נישט דער הייצער נישט אַריבערגע־טראָטן די גרענעץ פון לאַגער. ווען די צוואַנציק וואַגאָנעס זענען שוין גע־ווען אויסגעלאָדן, פלעגט דער דעזשורנער אונטעראָפיציר פון ס.־ס.־מילי־טער מיט אַ פייף אַרויסרופן נייע צוואַנציק וואַגאָנעס, וואָס האָבן געוואַרט אַ 200 מעטער פון דאָרט. ווען עס פלעגן אויסגעלאָדן ווערן אַלע זעכציק וואַגאָנעס, פלעגט די קאָמענדאַנטור פון לאַגער טעלעפאָניש אַרויסרופן פון דער סטאַציע אַ נייעם עשעלאָן, און דער אויסגעלאָדענער פלעגט גיין ווייַ־טער איבער דער קאָלייע צום קאַריער, ווו די וואַגאָנעס פלעגן אָנגעלאָדן ווערן מיט זאַמד און פלעגן אַוועק צו די סטאַציעס טרעבלינקע, מאַלקין שוין מיט אַ נייער פראַכט.

דאָ האָט זיך ערשט אַנטפּלעקט אין דער פולער מאָס, וואָס פאַר אַ באַקוועמע לאַגע טרעבלינקע פאַרנעמט — עשעלאָנען מיט קרבנות זענען אַהער געגאַנגען פון אַלע פיר עקן וועלט, פון מזרח און פון מערב, פון דרום און פון צפון. עשעלאָנען פון די פּוילישע שטעט טשענסטאָכאָוו, שעדלעץ, ראַדאָם, ביאַליסטאָק, לאָמזשע, עשעלאָנען פון גראָדנע און פיל אַנדערע שטעט פון ווייסרוסלאַנד, פון דייטשלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע, בול־גאַריע און בעסאַראַביע.

עשעלאָנען זענען געגאַנגען קיין טרעבלינקע אין משך פון דרייצן חדשים, אין יעדן עשעלאָן זענען געווען זעכציק וואַגאָנעס, און אויף יעדן וואַגאָן זענען מיט קרייד געווען אָנגעשריבן די ציפער 150־180־200 — די צאָל מענטשן אין וואַגאָן. אייזנבאַן־באַאַמטע און פּויערים האָבן גע־היים געפירט דעם חשבון פון די דאָזיקע עשעלאָנען. דער פּויער פונעם דאָרף וואָלקאַ (דער נאָענטסטער באַפעלקערטער פּונקט צום לאַגער), דער

זעכציקיאָריקער קאַזימיר סקאַרזשינסקי, האָט מיר דערציילט, אַז עס פלעגט טרעפן טעג, ווען פאַרביי ווולקאַ פלעגן בלויז איבער דער שעדלעצער באַן-ליניע דורכגיין זעקס עשעלאָנען, און אין משך פון די אַלע דרייצן חדשים זענען כמעט נישט געווען קיין טעג, עס זאָל נישט דורכגיין כאָטש איין עשעלאָן. און די שעדלעצער באַן-ליניע איז געווען בלויז איינע פון די פיר באַן-ליניעס, וואָס האָבן געגערט טרעבלינקע. דער אייזנבאַן-אַרבעטער לו-ציאַן צוקאָווא, וועלכן די דייטשן האָבן מאָביליזירט צו אַרבעטן אויף דעם אייזנבאַן-צווייג, וואָס גייט פון טרעבלינקע צום לאַגער נומ. 2, דערציילט, אַז פאַר דער צייט, וואָס ער האָט דאָרט געאַרבעט, פון 15טן יוני 1942 ביז אויגוסט 1943, זענען מיט אָט דער ליניע פון דער סטאַציע טרעבלינקע אין לאַגער יעדן טאָג געקומען פון איינעם ביז דריי צוגן. אין יעדן צוג איז געווען צו זעכציק וואַגאָנעס, און אין יעדן וואַגאָן נישט ווייניקער פון 150 מענטשן. אַזוינע באַווייזן האָבן מיר צענדליקער.

אויב מיר וועלן אפילו אין צווייען פאַרקלענערן אַלע ציפערן וועגן דער באַוועגונג פון די עשעלאָנען צו טרעבלינקע, וועלכע די עדות האָבן אָנגעגעבן, וועט דאָך די צאָל מענטשן, געבראַכטע אַהין אין משך פון די דרייצן חדשים, באַטרעפן אַ 3 מיליאָן מאַן. צו דער דאָזיקער ציפער וועלן מיר זיך נאָך אומקערן.

דער לאַגער גופא מיט דער אויסערלעכער צאַם, מיט די סקלאַדן פון די זאַכן פון די דערהרגעטע, מיט דער פּלאַטפאָרעם און מיט די איבעריקע געביידעס האָט פאַרנומען זייער ניט קיין גרויסן שטח — 780×600 קוואַד-ראַט-מעטער. אויב מען זאָל אויף איין רגע אָנהויבן צו צווייפלען אינעם גורל פון די אַהער געבראַכטע מיליאָנען מענטשן און מען זאָל אויף איין רגע משער זיין, אַז די דייטשן האָבן זיי נישט דערהרגעט גלייך, ווי מען האָט זיי געבראַכט, איז, וווּ זענען זיי, די דאָזיקע מענטשן, וואָס זייער צאָל האָט באַטראָפן אַזוי פיל, וויפל אַ באַפעלקערונג פון אַ קליינער מלוכה אָדער פון אַ גרויסער אייראָפּעאישער הויפּטשטאָט? דרייצן חדשים — 396 טעג פלעגן די עשעלאָנען אַוועק געלאָדענע מיט זאַמד אָדער פוסטער-הייט, קיין איין מענטש פון די אָנגעקומענע אין לאַגער נומ. 2 איז נישט געפאָרן צוריק.

דעם פּאַשיזם האָט זיך נישט איינגעגעבן צו מאַכן אַ סוד פון אָט

דעם קאָלאָסאַלן פאַרברעכן זיינעם. און כלל נישט דערפאַר, ווייל טויזנטער מענטשן זענען נישט ווילנדיק געווען עדות דערפון. זיכער אין זיין אומ-באַשטראָפטקייט, האָט היטלער אָנגענומען דעם באַשלוס וועגן אויסראָטן מיליאָנען מענטשן זומער 1942, אינעם פעריאָד פון די גרעסטע דערפאָלגן פונעם דייטשן מיליטער. איצט קאָן מען דערווייזן, אַז די הויפט-ציפער פון די מאָרדן, וואָס די דייטשן זענען באַגאַנגען, פאַלט אויפן יאָר 1942. זיכער אין זייער אומבאַשטראָפטקייט, האָבן די דייטשן באַוויזן, וואָס זיי קענען. אָ, ווען אַדאָלף היטלער וואָלט געזיגט, וואָלט ער באַוויזן די קונץ צו באַהאַלטן די שפּורן פון אַלע פאַרברעכנס, ער וואָלט געצווונגען אַנט-שוויגן צו ווערן אַלע עדות, ווען אַזוינע וואָלטן אַפילו געווען צענדליקער טויזנטער, און נישט קיין טויזנטער.

די זיגן פון דער רויטער אַרמיי — אָט וואָס עס האָט געשטערט הימלערן אויסצובאַהאַלטן דעם סוד פון טרעבלינקע.

היינט האָבן די עדות אָנגעהויבן רעדן, די שטיינער און די ערד רופן צו נקמה. מיר קאָנען פאַרן געזעלשאַפטלעכן געוויסן פון גאַר דער וועלט, פאַר די אויגן פון דער גאַנצער מענטשהייט, טראָט נאָך טראָט אַנטפּלעקן אַלע עטאַפּן פונעם טרעבלינקער גיהנום, וואָס אין פאַרגלייך מיט אים איז דאַנטעס גיהנום נישט מער ווי אַ קינדער-שפּיל.

אַלץ, וואָס דאָ איז אָנגעשריבן, איז צונויפגעשטעלט לויט דערציי-לונגען פון לעבעדיקע עדות, לויט די באַווייזן פון מענטשן, וואָס האָבן גע-אַרבעט אין טרעבלינקע פון דעם ערשטן טאָג אָן, זינט דער לאַגער האָט עקזיסטירט, ביזן 2טן אויגוסט 1943, ווען די אויפגעשטאַנענע טויט-פאַר-אורטיילטע האָבן אונטערגעצונדן דעם לאַגער און זענען אַנטלאָפן אין וואַלד; לויט די באַווייזן פון די אַרעסטירטע וואַכלייט, וואָס האָבן באַשטע-טיקט ביז אַ וואָרט די דערציילונגען פון די עדות און נאָך דערגאַנצט זיי. די דאָזיקע אַלע מענטשן האָב איך פּערזענלעך געזען, לאַנג און גענוי גע-שמועסט מיט זיי, זייערע שריפטלעכע באַווייזן ליגן אויף מיין טיש — און אָט די אַלע פּילצאָליקע גבית-עדות, גענומענע פון פאַרשיידענע קוועלן, פאַלן צונויף אין אַלע דעטאַלן, אָנגעהויבן פון די גענג פונעם קאָמענדאַנטס הונט „באַרי" און געענדיקט מיטן באַשרייבן די טעכנאָלאָגיע פון דער-מאָרדן די קרבנות און פון איינאָרדענען די קאָנווייער-שחיטה.

איז לאָמיר זיך לאָזן גיין איבער די עטאַפּן פונעם טרעבלינקער גיהנום.

ווער זענען געווען די מענטשן, וואָס מען האָט עשעלאָנענווייז גע-בראַכט קיין טרעבלינקע?

דער עיקר — יידן, אויך פּאָליאַקן און ציגיינער. צו פרילינג 1942 איז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון פוילן, דייטשלאַנד, פון די מערב-ראַיאָנען פון ווייסרוסלאַנד שוין געווען צונויפגעטריבן אין די געטאָס. אין די דאָזיקע געטאָס — אינעם וואַרשעווער, ראַדאָמער, טשענסטאָכאָווער, לובלינער, ביאַליסטאָקער, גראָדנער און אין פיל אַנדערע, קלענערע — זענען צונויפגעקליבן געוואָרן מיליאָנען יידישע אַרבעטער, בעלי-מלאכות, דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן, אַרכיטעקטאָרן, אינזשעניערן, לערער, קונסט-טו-ער, מענטשן פון אַנדערע פּראָפעסיעס, אַלע מיט משפחות, מיט פרויען, טעכטער, זין, מוטערס און פאָטערס. אין וואַרשעווער געטאָ אַליין האָבן זיך געפונען ביי פינף הונדערט טויזנט מאַן. ווייזט אויס, אַז דאָס פאַר-שפּאַרן די יידן אין די געטאָס איז געווען דער ערשטער טייל פונעם היט-לעריסטישן פּלאַן אויסצוראָטן די יידן. זומער 1942, דער פּעריאָד פון די קריג-דערפאָלגן פונעם פאַשיזם, איז אָנערקענט געוואָרן פאַר דער פּאַסיק-סטער צייט אויף דורכצופירן דעם צווייטן טייל פונעם פּלאַן — פיזיש פאַרניכטן די יידן. ס'איז באַוווסט, אַז הימלער איז צו יענער צייט געווען געקומען קיין וואַרשע און האָט אָפּגעגעבן די אַנטשפּרעכנדיקע פאַראָר-דענונגען.

טאָג און נאַכט איז געגאַנגען די צוגרייטונג צו דער טרעבלינקער הריגה. אין יולי זענען שוין קיין טרעבלינקע געגאַנגען די ערשטע עשע-לאָנען פון וואַרשע און טשענסטאָכאָוו. די מענטשן האָט מען געזאָגט, אַז מען פירט זיי קיין אוקראַינע אַרבעטן אין דער לאַנדווירטשאַפט. עס איז דערלויבט געווען צו נעמען מיט זיך שפּייז און 20 קילאָגראַם באַגאַזש. אין אַ סך פאַלן האָבן די דייטשן געצוווּנגען זייערע קרבנות צו קויפן אייזנבאַן-בילעטן ביז דער סטאַציע „אָבער-מיידאַן” (דאָס איז ביי די דייטשן געווען אַן אָפּגערעדטער נאָמען פאַר טרעבלינקע). דער קלאַנג וועגן דעם שווידער-לעכן אָרט האָט זיך שוין צו יענער צייט געהאַט צעטראָגן איבער גאַנץ פוילן, און דעריבער האָבן די ס.-ס.אָווצעס ביים אַריינזעצן די מענטשן

אין די עשעלאָנען אויפגעהערט צו באַנוצן דאָס וואָרט טרעבלינקע. די באַ-
האַנדלונג אָבער איז דערביי געווען אַזאַ, אַז זי האָט נישט אַרויסגערופן
קיין שום צווייפל בנוגע דעם גורל, וואָס דערוואַרט די פּאַסאַזשירן. אין אַ
פּראַכט-וואַגאָן פלעגט מען אַריינשפּאַרן נישט ווייניקער פון 150 מענטשן,
אָפט אפילו 180—200. דעם גאַנצן וועג, און ער האָט טיילמאָל געדויערט
צוויי-דריי טעג, האָט מען די אַרעסטירטע נישט געגעבן קיין וואַסער. די
מענטשן האָבן אַזוי געליטן פון דאָרשט, אַז זיי האָבן געטרונקען זייער
איינענע השתנה. די וואַך האָט געפאָדערט הונדערט זלאָטעס פאַר אַ טרונק
וואַסער. באַקומען דאָס געלט, פלעגן די וואַכלייט ערשט קיין וואַסער נישט
געבן. אין די וואַגאָנעס איז געווען אַ שרעקלעכע ענגשאַפט. מען איז גע-
פאָרן, צוגעדריקט איינער צום צווייטן, טיילמאָל — אפילו שטייענדיק. אין
יעדן וואַגאָן, באַזונדערס אין די הייסע, שטיקנדיקע זומער-נעכט, זענען
געווען פאַלן, ווען אַלטע לייט און האַרץ-קראַנקע האָבן נישט אויסגעהאַלטן
און זענען אויסגעגאַנגען. די טירן פלעגט מען ביזן סוף פון דער נסיעה
נישט עפענען, די טויטע קערפּערס פלעגן זיך אָנהייבן צעלייגן, אָפּשמעקנדיק
די לופט אין וואַגאָן. אויב עמעצער פון די פאָרנדיקע פלעגט ביינאַכט אָנ-
צינדן אַ שוועבעלע, פלעגט די וואַך גלייך אָנהייבן צו שיסן אין די ווענט-
לעך פונעם וואַגאָן. דער פאַבריקמאַכער אברהם קאָן דערציילט, אַז אין זיין
וואַגאָן זענען געווען אַ סך פאַרווונדעטע און פינף דערהרגעטע מחמת
דעם, וואָס די וואַך האָט געשאָסן אין די ווענטלעך פונעם וואַגאָן.

נאָר אַנדערש פלעגן קומען צו פאָרן קיין טרעבלינקע די צוגן פון די
מערב-אייראָפּעאישע לענדער—פון פראַנקרייך, בולגאַריע, עסטרייך אא"וו.
דאָ האָבן די מענטשן קיין זאַך נישט געהערט וועגן טרעבלינקע און האָבן
ביז דער לעצטער מינוט געגלייבט, אַז מען פירט זיי אויף אַרבעט, דערביי
האָבן נאָך די דייטשן דערציילט פּיתום און רעמסס וועגן דעם נייעם לעבן,
וואָס דערוואַרט די איבערוואַנדערער. די פּאַסאַזשירן פון אייניקע עשע-
לאָנען זענען געקומען זיכערע, אַז מען פירט זיי קיין אויסלאַנד, אין נייט-
ראַלע לענדער. פאַר גרויס געלט האָבן זיי זיך אפילו איינגעשאַפן ביי דער
דייטשער מאַכט אַרויספאָר-וויזעס און אויסלענדישע פּעסער.

איינמאָל איז קיין טרעבלינקע געקומען אַ צוג מיט בירגער פון קאַ-
נאַדע, אַמעריקע, אויסטראַליע, וואָס זענען בעת דער מלחמה געבליבן

שטעקן אין איראָפּע און אין פּוילן. נאָך לאַנגע ארומלויפּעניש, נאָך נעבן כאַבאַר אויף רעכטס און לינקס האָבן זיי זיך דערשלאָגן א דערלויבעניש ארויסצופאָרן אין די נייטראַלע לענדער. אַלע צוגן פון די איראָפּעאישע לענדער פלעגן קומען אַן א וואָך, מיט א געוויינלעכער באַדינערשאַפט. די דאָזיקע צוגן האָבן געהאַט שלאָף-וואַגאָנען און וואַגאָן-רעסטאָראַנען. די פּאַסאַזשירן האָבן געפירט מיט זיך גרויסע קופערטס און טשעמאָדאַנעס און גרויסע זאַפּאַסן שפּייז. די קינדער פון די פּאַסאַזשירן פלעגן ארויס-לויפן אויף די סטאַציעס און פרעגן, צי ס׳איז נאָך ווייט צו אָבער-מיידאַן.

פון צייט צו צייט פלעגן קומען עשעלאָנען מיט ציגיינער פון בעסאַ-ראַביע און פון אַנדערע ראַיאָנען. עטלעכע מאָל זענען אָנגעקומען עשע-לאָנען מיט יונגע פּאָליאַקן — ארבעטער און פּויערים, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין אויפשטאַנדן און אין פּאַרטיזאַנישע אַפּטיילן.

ס׳איז שווער צו זאָגן, וואָס איז שוידערלעכער: פאָרן צום טויט אין שרעק און פּיין, מיטן באַוווסטזיין, אַז ער דערנענטערט זיך, אָדער גאָרניט וויסנדיק וועגן אומקום, ארויסקוקן פונעם פענצטער פון א וויכן וואַגאָן אין דעם מאָמענט, ווען פון דער סטאַציע טרעבלינקע טעלעפאָנירט מען שוין אין לאַגער און מען גיט צו וויסן וועגן דעם אָנגעקומענעם צוג און וועגן דער צאָל מענטשן אין אים.

כדי ביזן סוף אָפּנאַרן די מענטשן, וואָס זענען אָנגעקומען פון איי-ראָפּע, איז אפילו די אייזנבאַן-סטאַציע פונעם טויט-לאַגער געווען אויס-געשטאַט ווי א מין פּאַסאַזשיר-סטאַציע. אויף דער פּלאַטפאָרמע, ווו עס זענען אויסגעלאָדן געוואָרן די אָרדנטלעכע צוואַנציק וואַגאָנעס, איז גע-שטאַנען א וואָקזאַל-געביידע מיט א קאַסע, מיט א באַגאַזש-קאַמער, מיט א רעסטאָראַן. אומעטום זענען געווען אָנגעקלאַפּט פלעטלעך מיט אויפ-שריפטן: „אויף ביאַליסטאָק", „אויף באַראַנאָוויטש", „אויף וואָלקאָ-וויסק" אא"וו. ביים אָנקומען פון אַן עשעלאָן פלעגט אין דער וואָקזאַל-געביידע שפּילן אַן אָרקעסטער, אַלע מוזיקאַנטן זענען געווען גוט אָנגעטון. א שווייצאַר אין דער אוניפאָרעם פון אַן אייזנבאַן-באַאַמטן האָט צוגענו-מען ביי די פּאַסאַזשירן זייערע בילעטן און האָט זיי ארויסגעלאָזן אויפן פּלאַץ. דריי-פיר טויזנט מענטשן, אָנגעלאָדענע מיט זעק און טשעמאָדאַ-נעס, אונטערהאַלטנדיק די אַלטע און קראַנקע, פלעגן ארויס אויף דעם

דאָזיקן פּלאַץ. מוטערס האָבן געטראָגן קינדער אויף די הענט, די עלטערע קינדער האָבן זיך אָנגעהאַלטן אָן די עלטערן און אויפמערקזאַם זיך אַרומגעקוקט. עפּעס באַאומרואיקנדיקס און אימהדיקס איז געווען אין אָט דעם פּלאַץ, אין אויסגעטראָטענעם פון מיליאָנען מענטשלעכע פיס. דער אָנגעשטרענגטער בליק פון די ניי-אָנגעקומענע האָט שנעל אויפגעכאַפּט מאָדנע, זייער מאָדנע קלייניקייטן — אויפן פּלאַץ, אָן אייליק צוגעקערטן, ווייזט אויס, מיט עטלעכע מינוט פאַר דעם, ווי ס׳איז אַרויס די פּאַרטיע, האָבן זיך געוואַלגערט אַוועקגעוואָרפענע זאַכן — אַ פּעקל קליידער, אָפענע טשעמאָדאַנעס, גאָל-מכשירים, עמאַלירטע פענדלעך. ווי אַזוי קומען זיי אַהער? און פאַרוואָס עפּעס ענדיקט זיך די אייזנבאַן גלייך הינטער דער וואָקזאַל-פּלאַטפאָרמע, פאַרוואָס וואַקסט דאָ געל גראָז און עס ציען זיך דראָטן אויף דריי מעטער די הייך? וווּ זשע איז דער וועג אויף ביאַליסטאָק, אויף שעדלעץ, וואַרשע, וואָלקאָוויסק? און פאַרוואָס שמייכלען אַזוי מאָדנע די וואַכליט, באַטראַכטנדיק די מאַנסבילן, וואָס פּאַריכטן די שניפּסן; די אָפּגעהיטע אַלטיטשקע; די יינגלעך אין מאַטראָסקעס; די דאַרינקע מיידלעך, וואָס האָבן באַוויזן אַ קונץ צו בלייבן ריין און ציכטיק נאָכן לאַנגן וועג; די יונגע מוטערס, וואָס פּאַריכטן מיט אַזוי פיל ליבע די ליילעכלעך אויף זייערע עופהלעך? אָט די אַלע וואַכליט אין שוואַרצע אוניפאָרמען און די ס.-ס.ישע אונטעראָפיצירן האָבן דערמאָנט אָן פי-אָנטרייבער ביי אַ שעכטהויז. פאַר זיי זענען די אָנגעקומענע נישט געווען קיין לעבעדיקע מענטשן, און זיי האָבן נישט ווילנדיק געשמייכלט, צוזעענדיק, ווי די פאַראורטיילטע ווייזן נאָך אַרויס שעמעוודיקייט, ליבע, שרעק, זאָרגן וועגן זייערע נאָענטע, וועגן די זאַכן. זיי איז געווען קאָמיש, וואָס די מוטערס רעדן אויס די קינדער, אַלמאַי זיי זענען אָפּגעלאָפן אַ פּאָר טריט אָן אַ זייט, פאַריכטן אויף זיי די קליידער; וואָס די מענער ווישן די שטערנס מיט נאָז-טיכלעך און פאַרייכערן סיגאַרעטן; וואָס די מיידלעך פאַריכטן די האָר און האַלטן דערשראָקן צו די קליידלעך, ווען עס טוט אַ בלאָז אַ ווינט. ביי זיי האָט אַרויסגערופן אַ שמייכל, וואָס די אַלטע לייט זעצן זיך אַלעמאָל צו אויף די טשעמאָדאַנטשיקעס; וואָס אייניקע האַלטן אונטערן אָרעם ביכער און וואָס די קראַנקע פאַרוויקלען די העלדזער.

ביי 20 טויזנט מענטשן זענען יעדן טאָג דורכגעגאַנגען דורך טרעב-

לינקע. טעג, ווען פון וואָקזאַל פלעגן ארויסגיין 7-6 טויזנט מאַן, האָבן די דייטשן גערעכנט באַר „פוסטע" טעג. פיר, פינף מאָל א טאָג האָט זיך דער פּלאַץ אָנגעפילט מיט מענטשן. און אָט די אַלע טויזנטער, צענדליקער טויזנטער, הונדערטער טויזנטער מיט פרעגנדיקע, דערשראָקענע אויגן, אָט די אַלע יונגע און אַלטע פּנימער, שווארצהאָריקע און בלאָנדהאָריקע שיינ-הייטן, הויקערס, זקנים מיט פליכעוואַטע קעפּ, אָפּהענטיקע יוגנט, — דאָס אַלץ האָט זיך צונויפגעגאָסן אין איין שטראָם, וואָס האָט איינגעשלונגען אַלץ — אי שכל, אי מיידלשע ליבע, אי קינדערשן חידוש, אי זקנישן הוסט, אי אוצרות פון וויסן, אי מענטשלעך האַרץ.

און די ניי-אָנגעקומענע האָבן מיט א ציטער געפילט אויף זיך אָט דעם מאָדנעם זאַמן, ציוריקגעהאַלטענעם, הוזקדיקן בליק — דעם בליק, מיט וועלכן א לעבעדיקער חזיר מוז קוקן אויף א טויטן מענטשן.

און ווידער אַמאָל האָבן די מענטשן, וואָס זענען אָקאָרשט ארויס אויפן פּלאַץ, אין די דאָזיקע קורצע רגעס געכאַפּט מיטן אויג קליינינקייטן, אומפאַרשטענדלעכע און אימהדיקע.

וואָס טוט זיך עס דאָרטן, הינטער אָט דער קאָלאָסאַלער זעקס-מע-טערדיקער וואַנט, וואָס איז פעסט פאַרהאַנגען מיט געל-ווערנדיקע סאָסנע-צווייגן און קאָלדרעס? די קאָלדרעס האָבן אויך ארויסגערופן אומרו: וואַ-טענע, פאַרשידנקאָליריקע, זיידענע און געדעקטע מיט ציץ, האָבן זיי דער-מאָנט אָן די קאָלדרעס, וואָס זענען געלעגן צווישן דעם בעטגעוואַנט פון די אָנגעקומענע. ווי קומען זיי אהער? ווער האָט זיי געבראַכט? און ווו זענען די באַלעבאַטים פון אָט די קאָלדרעס? פאַרוואָס דאַרפן זיי מער נישט קיין קאָלדרעס? און ווער זענען די מענטשן מיט די בלויע בענדלעך? מען דערמאָנט זיך אָן די אַלע מחשבות, וואָס האָבן געמאַטערט די לעצטע צייט, אָן דעם אומרו, אָן די קלאַנגען, וואָס מען האָט איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן אויפן אויער. ניין, ניין, עס קאָן נישט זיין. און דער מענטש טרייבט אָפּ דעם שרעקלעכן געדאַנק. די אומרואיקייט דויערט נישט לאַנג, ביז אַלע אָנגעקומענע באַוויזן ארויסצוגיין אויפן פּלאַץ. דאָס פאַרציט זיך גע-ווײנלעך, ווייל אין יעדער פאַרטיע זענען פאַראַן קאַליקעס, הינקעדיקע, אַלטע לייט און קראַנקע, וואָס שלעפּן קוים די פיס. נאָר אָט זענען שוין אַלע אויפן פּלאַץ. דער אונטערשאַרפירער (א יינגערער אונטעראָפיציר פו-

נעם ס.-ס.-מיליטער) ליינט הויך און דייטלעך פאַר די אָנגעקומענע אי-בערלאָזן די זאַכן אויפן פּלאַץ און גיין אין באָד אריין. ביי זיך קאָן מען איבערלאָזן נאָר די פּערזענלעכע דאָקומענטן, ווערטפולע חפצים און קליי-נע פּעקעלעך מיט וואַש-מכשירים. ביי די מענטשן אַנטשטייען צענדליקער פראַגן — צי דאַרף מען נעמען מיט זיך וועש, צי מעג מען אויפבינדן די פּעק, צי וועלן זיך נישט איבערפּלאָנטערן די זאַכן, וואָס בלייבן ליגן אויפן פּלאַץ, צי וועלן זיי נישט פאַרפאַלן ווערן. נאָר עפּעס אַ מאָדנע קראַפט צווינגט זיי שווייגנדיק, אָן קיינע פראַגן, נישט אומקוקנדיק זיך, אין איי-לעניש שפּאַנען צו דער זעקס-מעטערדיקער דראָט-וואַנט, וואָס איז באַ-דעקט מיט צווייגן. זיי גייען פאַרביי אַ הויכער פאַרצאַמונג פון שטעכיקן דראָט, פאַרביי אַ דריי-מעטערדיקן קעגנטאַנק-רוי, פאַרביי אָנגעוואָרפענע קנוילן דינעם שטאָלענעם דראָט, אין וועלכן די פיס פון אַ לויפנדיקן בלייבן שטעקן ווי די לאַפּקעס פון אַ פליג אין שפּינוועבס, און ווידער פאַרביי אַ פילמעטערדיקער וואַנט שטעכיקן דראָט. און אַ שרעקלעך געפיל — אַ געפיל פון פאַראורטיילטקייט, אַ געפיל פון הילפלאָזיקייט נעמט זיי ארום: נישט לויפן, נישט אומקערן זיך צוריק, נישט שלאָגן זיך, — פון היל-צערנע נידעריקע טורעמס קוקן אויף זיי די רערן פון גרויסקאַליבערדיקע קוילנוואַרפערס. רופן צו הילף? ארום זענען דאָך אָבער ס.-ס.אַוּצעס און וואַכלייט מיט אויטאָמאַטן, האַנט-גראַנאַטן, פּיסטאָלעטן. זיי זענען די מאַכט. אין זייערע הענט זענען טאַנקען און אַוויאַציע, ערד, שטעט, הימל, אייזנבאַנען, געזעץ, ראַדיאָ.

און אויפן פּלאַץ נעבן וואָקזאַל קומט דערווייל פאָר אָט וואָס: צוויי מאות אַרבעטער מיט הימל-בלויע בענדלעך (די גרופּע „בלויע") בינדן שווייגנדיק, פלינק און גענויט פונאַנדער די פּעק, עפענען די קערב און טשעמאָדאַנעס, נעמען אַראָפּ די רימענס פון די פּאַרטפעלן. מען סאָרטירט און מען שאַצט אָפּ די זאַכן פון דער נאָר-וואָס אָנגעקומענער פּאַרטיע. עס פליען אויף דער ערד צירעוואַניע-געצייג, שפּולקעס און קערטלעך פּאָדעם, קינדער-טרוסיקעס, העמדער, ליילעכער, דזשעמפּערס, מעסערלעך, גאָל-מכ-שירים, פּעקלעך בריוו, פאָטאָגראַפיעס, פינגערהוטן, פלעשלעך פּאַרפום, שפּיגלען, שלאָפמיצן, שיך, פוישטן, וואַטענע קאָלדרעס, דאַמען-שיכלעך, זאָקן, האַפט, פּיזשאַמעס, פּעקלעך פּוטער, קאַווע, קעסטלעך קאַקאַאָ, טלי-

תים, לייכטערס, ביכער, סוכארעס, פידלען, שפילצייג. ס׳איז א גרויסע קוואליפיקאציע צו קענען אין איינע עטלעכע מינוט פונאנדערסארטירן אט די אלע טויזנטער זאכן, אפשאצן זיי — א טייל אפקלייבן פאר דייטשלאנד, א צווייטן טייל — ערגערע, אלטע און געצירעוועטע — איבערלאזן אויף צו פארברענען. ווי איז געווען דעם ארבעטער, וואס האט א טעות געהאט און האט אן אלטן פיבערנעם טשעמאדאן אוועקגעלייגט אין דער קופע לעדערנע סאקוואיאזשן, אפגעקליבענע פאר דייטשלאנד, אדער וואס האט אינעם בערגל אלטע געצירעוועטע שקארפעטקעס א ווארף געטון א פאר פאריזער זאקן מיט א פאבריק-פלאמבע. אן ארבעטער האט געקאנט א טעות האבן נאר איין מאל — דאס צווייטע מאל א טעות האבן האט ער שוין פארשפארט. פערציק ס.-ס.אווצעס און זעכציק וואכליוט האבן געארבעט אויפן „טראנספארט" — אזוי האט געהייסן אין טרעבלינקע די ערשטע, נארוואס באשריבענע סטאדיע: דאס אויפנעמען די עשעלאנען, דאס ארויספירן די פארטיע אויפן „וואקזאל" און אויפן פלאץ, דאס אכטונג געבן אויף די ארבעטער, וואס האבן סארטירט און אפגעשאצט די זאכן. בעת דער ארבעט האבן די ארבעטער אמאל, בשתיקה פון דער וואך, אריינגערוקט אין מויל א שטיקל ברויט, א ציגעלע צוקער, א צוקערקע, וואס זיי האבן געפונען אין די פראדוקטן-פעקלעך. דאס איז נישט געווען דערלויבט. עס איז יא דערלויבט געווען נאכן ענדיקן די ארבעט וואשן די הענט און דאס פנים מיט אדעקאלאן און פארפום. קיין וואסער האט אין טרעבלינקע נישט געקלעקט, מיט וואסער צום וואשן זיך האבן זיך באנוצט בלויז די דייטשן און די וואכליוט. און ביז די מענטשן, דערווייל נאך לעבעדיקע, האבן זיך געגרייט צו דער באד, איז שוין די ארבעט איבער זייערע זאכן באלד געווען פארענדיקט. די ווערטפולע זאכן האט מען אוועקגעטראגן אין סקלאד, און די בריוו, פאטאגראפיעס פון קינדער, ברידער, כלות, געל-געווארענע חתונה-דאקומענטן — אט די אלע טויזנטער קלייניקייטן, וואס זענען אזוי טייער זייערע באלעבאטים און וואס האבן פאר די טרעבלינקער באלעבאטים פארגעשטעלט מיט זיך נישט מער ווי א בארג מיסט, האט מען אויפגעקליבן אין קופעס און אוועקגעטראגן צו קאלאסאלע גריבער, ווו עס זענען שוין געלעגן הונדערטער טויזנטער אזוינע בריוו, פאסט-קארטלעך, וויזיט-קארטלעך, פאטאגראפיעס, פאפירלעך מיט קינדער-

שע שרייבערייען און ערשטע צייכענונגען מיט קאַלירטע בלייערס. דעם פּלאַץ האָט מען אַבי-ווי צוגעקערט, און ער איז שוין ווייטער גרייט געווען צום אויפנעמען אַ נייע פּאַרטיע פּאַראורטיילטע. נישט אַלעמאָל איז דאָס אויפנעמען אַ נייע פּאַרטיע פּאָרגעקומען אַזוי, ווי דאָ איז באַשריבן. אין די פאַלן, ווען די פּאַראורטיילטע האָבן געוווסט, וווהין מען פירט זיי, פלעגן אויסברעכן בונטן. דער פויער סקריזשעמינסקי האָט געזען, ווי פון צוויי צוגן האָבן מענטשן אויסגעבראָכן די טירן, אומגעוואָרפן די וואַך און זיך אַ לאָז געטון אין וואַלד. אין ביידע פאַלן זענען זיי ביז איינעם דערהרגעט געוואָרן פון אויטאָמאַטן. די מאַנסבילן האָבן געטראָגן מיט זיך פיר קינדער אין עלטער פון 4-6 יאָר. די דאָזיקע קינדער זענען אויך דערהרגעט געוואָרן. וועגן אַזוינע פאַלן דערציילט אויך די פויערטע מאַריאַנע קאָבוס. איינמאָל, ווען זי האָט געאַרבעט אין פעלד, זענען פאַר איר אין די אויגן דערהרגעט געוואָרן 60 מענטשן, וואָס האָבן זיך דורכגעריסן פון אַ צוג אין וואַלד.

נאָר אָט גייט די פּאַרטיע אַריבער אויף אַ נייעם פּלאַץ, דער צווייטער לאַגער-צאַם. אויפן פּלאַץ שטייט אַ קאָלאָסאַלער באַראַק, רעכטס נאָך דריי באַראַקן, צוויי פון זיי זענען סקלאַדן פון זאַכן, דער דריטער — אַ סקלאַד פון שוכוואַרג. ווייטער אין מערב-טייל, געפינען זיך די באַראַקן פון די ס.-ס.אָוועצעס, פון די וואַכלייט, די דערנערונג-סקלאַדן, דער פי-הויף, עס שטייען פּאַסאַזשיר-אויטאָמאָבילן, לאַסט-מאַשינעס, פּאַנצער-מאַשינעס. אַלץ מאַכט אַן איינדרוק פון אַ געוויינלעכן לאַגער, אַזאַ, ווי דער לאַגער נומ. 1.

אינעם דרום-מזרחדיקן ווינקל פונעם לאַגער-הויף איז אַ שטיקל אָרט אָפּגעטיילט מיט צווייגן, פון פאָרנט — אַ ביידל מיט אַן אויפשריפט „לאַזאַרעט". אַלע אַלטע, שוואַכע קראַנקע טיילט מען אָפּ פונעם עולם, וואָס וואַרט אויף דער באָד, און מען טראָגט אויף טראָגבעטלעך אין לאַזאַרעט. פונעם ביידל גייט צו די קראַנקע אַרויס אַ דאָקטאָר אין אַ ווייסן פאַרטוך מיט אַ בענדל פון רויטן קרייץ אויפן לינקן אַרבל. וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין „לאַזאַרעט", וועלן מיר דערציילן שפּעטער.

פאַר דער צווייטער פאַזע פון באַאַרבעטן די אָנגעקומענע פּאַרטיע איז כאַראַקטעריסטיש דאָס דערשטיקן אין די מענטשן דעם ווילנס-קראַפט דורך כסדרדיקע קורצע און שנעלע באַפעלן. די דאָזיקע באַפעלן, אַרויס-

געזאָגט מיט דעם טאָן, מיט וועלכן עס שטאָלצירט אזוי די דייטשע ארמיי, שניידט די לופט, ווי בייטשן.

„אכטונג!” — צעטראָגט זיך איבערן עולם, און אין דער בלייענער שטילקייט קלינגט די שטים פונעם שאַרפירער, וואָס רופט נאָכאמאָל אויס די ווערטער, וועלכע ער חזרט איבער יעדן טאָג שוין אזויפיל חדשים נאָכאנאַנד:

— מענער בליבן אויפן אָרט, פרויען און קינדער טוען זיך אויס אין די באַראַקן לינקס.

דאָ, דערציילן עדות, הייבן זיך געוויינלעך אָן שרעקלעכע סצענעס. דאָס גרויסע געפיל פון מוטער-ליבע, פון פרויען און מענער-ליבע, פון קינדער-ליבע זאָגט אונטער די מענטשן, אז דאָס לעצטע מאָל זעען זיי איינער דעם צווייטן. מען דריקט איינע די אַנדערע די הענט, מען קושט זיך, עס גיסן זיך טרערן, עס הערן זיך קורצע, אָפּגעהאַקטע ווערטער, אין וועלכע מענטשן לייגן אריין זייער גאַנצע ליבע, דעם גאַנצן ווייטיק און צאַרטקייט, די גאַנצע פאַרצווייפלטקייט זייערע... די ס.-ס.ישע טויט - פּסיכיאַטרען ווייסן, אַז די דאָזיקע געפילן דאַרף מען מאָמענטאַל פאַרלעשן, אָפּהאַקן. די טויט-פּסיכיאַטרען ווייסן די פּשוטע געזעצן, וואָס גילטן אין אַלע שעכט-הייזער פון דער וועלט, די געזעצן, וואָס אין טרעבלינקע האָבן זיי חיות אָנגעווענדט צו מענטשן. דאָס איז איינער פון די פאַראַנטוואָרטלעכסטע מאָמענטן: מען טיילט אָפּ טעכטער פון פאָטערס, זין פון מוטערס, באָבעס פון אייניקלעך, מענער פון פרויען.

און ווידער קלינגט איבערן פּלאַץ: „אכטונג”, „אכטונג”. גראָד אין דעם מאָמענט דאַרף מען ווידער צעטומלען די מענטשן, פאַרשיכורן זיי מיט האָפענונג, מיט די כללים פון טויט, וואָס מען שטעלט זיי אַרויס פאַר כללים פון לעבן. די זעלבע שטים האַקט אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט:

— די פרויען און די קינדער נעמען אַראָפּ דאָס שוכוואַרג ביים אַריינגאַנג אין באַראַק. די זאָקן אַריינלייגן אין די שיך. די קינדערשע זעקלעך דאַרפן אַריינגעלייגט ווערן אין די סאַנדאַלן, שיכלעך און טופּעלעך פון די קינדער. זייט אַקוראַט.

און אין אַ רגע אַרום ווידער:

— נייענדיק אין באָד, מיטנעמען מיט זיך די ווערטפולע חפצים, די דאָקומענטן, א האַנטוך און זייף... מיר חזרן איבער...

אינעווייניק אין באַראַק געפינט זיך א שערעריי. די נאַקעטע פרויען שערט מען אָפּ ביז דער הויט, פון די אַלטע פרויען נעמט מען אַראָפּ די פּאַר קן. א מאָדנע פּסיכאָלאָגישע דערשיינונג! די דאָזיקע טויט-פּראָצעדור האָט, לויט די גבית-עדות פון די שערער, מער פון אַלץ איבערציינגט די פרויען, אַז מען פירט זיי טאַקע אין באָד. מיידלעך פּלעגן טיילמאָל בעטן: „אָט דאָ איז נישט גלייך, שערט, ביטע, אונטער!" געוויינלעך פּלעגן זיך די פרויען נאָכן אָפּשערן באַרואיקן. כמעט יעדע פּלעגט אַרויסגיין פון באַ-ראַק מיט א שטיקל זייף און האַנטוך. אייניקע יונגע האָבן געוויינט אויף זייערע שיינע צעפּ. צוליב וואָס האָט מען געשוירן די פרויען? כדי אָפּצו-נאַרן זיי? ניין, די דאָזיקע האָר האָט געדאַרפט האָבן דייטשלאַנד. דאָס איז געווען רוויוואַרג... איך האָב ביי פיל מענטשן געפרעגט, וואָס האָבן די דייטשן געטון מיט אָט די בערג האָר, אָראָפּגענומענע פון די לעבעדיקע מתים. אַלע עדות דערציילן, אַז די קאָלאָסאַלע בערג שוואַרצע, גאָלדענע, בלאָנדע האָר, לאָקן און צעפּ האָט מען דעזינפיצירט, געפּאַקט אין זעק און טראַנספּאָרטירט קיין דייטשלאַנד. אַלע עדות באַשטעטיקן, אַז די האָר זענען געשיקט געוואָרן אויף דייטשע אַדרעסן. ווי זענען זיי אויסגענוצט געוואָרן? אויף דער דאָזיקער פראַגע האָט קיינער נישט געקאָנט ענטפערן. בלויז אינעם פאַבריקמאַכער קאַנס שריפטלעכע באַווייזן ווערט אָנגעוויזן, אַז דער געברויכער פון אָט די האָר איז געווען דער מיליטערישער ים-אמט. די האָר האָט מען אויסגענוצט אויף אָנפילן מאַטראַצן, אויף טעכ-נישע באַדערפענישן, אויף פלעכטן קאַנאַטן פאַר טונק-שיפן.

מיר דאַכט, אַז די דאָזיקע באַווייזן נייטיקן זיך אין א באַשטעטיקונג. אָט די באַשטעטיקונג וועט געבן דער מענטשהייט דער גראָס-אַדמיראַל רע-דער, וואָס איז אין 1942 געשטאַנען בראש פון דעם דייטשן קריג-פלאָט.

די מענער פלעגן זיך אויסטון אין הויף. פון דער ערשטער אינדער-פריאיקער פּאַרטיע פלעגט מען אָפּקלייבן א צוויי-דריי הונדערט מענטשן מיט א גרעסערער פיזישער קראַפט אויף צו באַגראָבן די טויטע. די דאָזיקע באַגרעבער פלעגט מען געוויינלעך דערהרגענען אויף מאָרגן. אויסטון זיך האָבן די מענער געדאַרפט זייער שנעל, נאָר אַקוראַט צונויפלייגנדיק אין

אָרדענונג די שיך, שקאַרפּעטקעס, וועש, רעקלעך און הויזן. מיט סאָרטירן די זאַכן האָט זיך פאַרנומען א צווייטע ארבעטער-קאָמאַנדע — די „רויטע" — זיי האָבן זיך אונטערשיידט פון די, וואָס האָבן געאַרבעט „אויפן טראַנספּאָרט", מיט די רויטע בענדלעך אויף די אָרבל. די זאַכן, וואָס מען האָט אָנערקענט פאַר גענוג גוט אויף אַוועקצושיקן קיין דייטשלאַנד, זענען גלייך איבערגעגעבן געוואָרן אין סקלאַד. פון זיי האָט מען זאָרגזאַם אָראָפּגעטרענט אַלע מעטאַל- און שטאָף-צייכנס. די איבעריקע זאַכן זענען פאַרברענט און פאַרגראָבן געוואָרן אין גריבער.

ביי די פאַראורטיילטע איז דאָס געפיל פון אומרואיקייט די גאַנצע צייט געוואַקסן. עס האָט באַאומרואיקט דער שווידערלעכער עיפּוש, וואָס איז יעדע רגע איבערגעשלאָגן געוואָרן מיטן ריח פון כלאָר-קאַלך. עס איז געווען אומפאַרשטענדלעך, פון וואַנען נעמען זיך אַזוי פיל פעטע, איינגעגעסענע פליגן. ווי קומען זיי אַהער, צווישן סאָסנעס און פאַרטאָפּטשעטער ערד? די מענטשן האָבן געאָטעמט אומרואיק און רווישיק, יעדע רגע אויפגעציטערט, זיך איינגעקוקט אין דער מינדסטער קלייניקייט: אפשר וועט זי דערקלערן, אונטערזאָגן, אויפדעקן די געהיימניש, וואָס הילט איין זייער גורל. און פאַרוואָס דונערן אַזוי דאָרט, אין דרום, גיגאַנטישע עקסקאַוואַטאָרן?

עס האָט זיך אָנגעהויבן א נייע פּראָצעדור.

די נאַקעטע מענטשן האָט מען צוגעפירט צו א קאַסע און פאָרגעלייגט איבערלאָזן די דאָקומענטן און די ווערטפולע חפצים. און ווידער האָט די שרעקלעכע היפּנאָטיזירנדיקע שטים געשריען:

— אכטונג! אכטונג!... — פאַר אויסבאַהאַלטן ווערטפולע חפצים — טויט. אכטונג!

אין א קליין ביידל פון ברעטער איז געזעסן א שאַרפירער. נעבן אים זענען געשטאַנען ס.-ס.אָוועס און וואַכליים. נעבן דעם ביידל — הילצערנע קעסטלעך. איינס — פאַר אַסיגנאַציעס, דאָס צווייטע — פאַר מטבעות, דאָס דריטע — פאַר זייגערס און צירונג. דאָקומענטן זענען גלאַט געפלויגן אויף דער ערד. קיינער אין דער וועלט האָט זיי שוין מער נישט באַדאַרפט, דאָקומענטן פון לעבעדיקע מתים, וועלכע וועלן אין א שעה

ארום שוין ליגן איינגעפּרעסט אין א גרוב. דאָס גאָלד אָבער און די ווערט-פולע חפצים — די זייגערס, רינגען, אוירינגלעך, בראָשן און בראַסלעטן— האָט מען אויפמערקזאם סאָרטירט, צענדליקער יוועלירן האָבן אָפּגעשאַצט די ריינקייט פונעם מעטאַל, דעם ווערט פון די שטיינער.

וואָס פאַרא גרויסע, ליכטיקע קעפּ, וואָס פאַרא ריינע נשמות, וואָס פאַרא ליבע קינדערשע אויגן, טייערע מאַמישע פּנימער, וויפל שיינע שטאָל-צע מיידלשע קעפּ, וואָס איבערן שאַפן זיי האָט די נאַטור געאַרבעט אזויפיל דורות, — זענען ווי א ריזיקער שווייגנדיקער שטראָם אריינגעפלאָסן אין תהום פון ניטזיין. א סעקונדע איז געווען גענוג, כדי צו פאַרניכטן דאָס, וואָס די וועלט און די נאַטור האָבן אויפגעטון אין פּראָצעס פון קאָלאָסאַ-לער און פּיינלעכער לעבן-שאַפונג.

דאָ נעבן קאַסע פלעגט פאָרקומען דער איבערברוך. דאָ פלעגט זיך ענדיקן דאָס פּייניקן מיט ליגן, וואָס האָט געהאַלטן די מענטשן אין היפּנאָז פון נישט וויסן, אין א מין קדחת, וואָס האָט זיי אין משך פון עטלעכע מינוט געוואָרפן פון האָפענונג צו אנטוישונג, פון דער וויזיע פון לעבן צו דער זעאונג פון טויט. דאָס דאָזיקע פּייניקן מיט ליגן איז געווען איינער פון די אַטריבוטן פון דער קאָנווייער-שחיטה. דאָס האָט געהאָלפן די ס.-ס.-אָווצעס „אַרבעטן". און ווען עס פלעגט קומען דער לעצטער אַקט פון באַ-ראַבעווען די לעבעדיקע מתים, פלעגן די דייטשן שאַרף ענדערן דעם סטיל פון זייער באַציאונג צו זייערע קרבנות. די רינגען פלעגט מען אַראָפּרייסן, מען פלעגט בשעת-מעשה ברעכן פינגער, די אוירינגלעך פלעגט מען אַראָפּ-שלעפּן, אָפט פונאַנדעררייסנדיק די אויערן-לעפּלעך.

אויפן לעצטן עטאַפּ האָט די קאָנווייער-שחיטה געפאָדערט א נייעם פּרינציפּ, וואָס זאָל העלפן איר שנעלער פונקציאָנירונג, און דעריבער איז דאָס וואָרט „אַכטונג" פאַרביטן געוואָרן מיטן צישענדיקן „שנעלער, שנע-לער, שנעלער"!

פון דער ביטערער פּראַקטיק פון די לעצטע יאָרן איז באַוווּסט, אז א נאַקעטער מענטש פאַרלירט גלייך די ווידערשטאַנד-פעאיקייט, הערט אויף צו קעמפן קעגן גורל. צוזאַמען מיט דער קליידונג פאַרלירט ער אויך די קראַפט פון לעבן-אינסטינקט און נעמט אויף דעם גורל, ווי דעם פאַטום. אפילו די, וואָס קלעפּן זיך צום לעבן מיט אַלע כוחות, ווערן פּאַסיוו און

גלייכגילטיק. אָבער כדי צו פאַרסטראַכירן זיך, האָבן די ס.-ס.אָווצעס אויפן לעצטן עטאַפּ פון זייער קאָנווייער-שחיטה נאָך אויך אָנגעווענדט אַ מע-טאָד פון ווילדן באַטויבן, פון אַריינוואַרפן דעם מענטשן אין אַ צושטאַנד פון פּסיכישן, גייסטיקן שאָק.

ווי אַזוי פלעגט עס געטון ווערן?

מיט דער הילף פון אומגעריכטער און אומזיניקער אכזריות. די נאַ-קעטע מענטשן, ביי וועלכע מען האָט צוגענומען אַלץ, נאָר וועלכע זענען געווען טויזנטער מאָל מער מענטשן, ווי די פאַרזעענישן אין די אוניפאָרמען פון דער דייטשער אַרמיי, וואָס האָבן זיי אַרומגערינגלט, אָט די נאַקעטע מענטשן האָבן נאָך אַלץ געאָטעמט, געקוקט, געדענקט, זייערע הערצער האָבן נאָך געקלאַפּט. האָט מען ביי זיי פון די הענט אַרויסגעהאַקט די שטיקלעך זייף און די האַנטוכער. מען האָט זיי אויסגעשטעלט אין רייען, צו פינף מענטשן אין אַ ריי.

— הענדע האָך! מאַרש! שנעלער! שנעלער!

זיי זענען אַריין אין אַ גלייכער אַלייע, אַרומגעזױמט מיט בלומען און יאָדלעס, הונדערט צוואַנציק מעטער די לענג, צוויי מעטער די ברייט. זי האָט געפירט צום אָרט פון דער שחיטה. פון ביידע זייטן אַלייע איז געווען דורכגעצויגן דראָט, אַקסל צו אַקסל זענען געשטאַנען וואַכלייט אין שוואַרצע אוניפאָרמען און ס.-ס.אָווצעס אין גרויען. דער וועג איז געווען באַדעקט מיט ווייסן זאַמד, און די, וואָס זענען געגאַנגען פון פאָרנט מיט אויפגע-הויבענע הענט, האָבן געזען אויפן זאַמד פרישע שפּורן פון באָרוועסע פיס: קליינע — ווייבערשע; גאָר קליינינקע — קינדערשע; שפּורן פון שווערע זקנישע טריט. דער דאָזיקער לייכטער שפּור אויפן זאַמד — אָט דאָס איז געבליבן פון טויזנטער מענטשן, וואָס זענען דאָ נישט לאַנג דורכגעגאַנגען מיט אָט דעם וועג, דורכגעגאַנגען פונקט אַזוי, ווי עס גייען איצט אים דורך נייע פיר טויזנט, ווי עס וועלן אין צוויי שעה אַרום נאָך אָט די פיר טויזנט דורכגיין נאָך טויזנטער, וואָס וואַרטן אויף זייער ריי אויף דער אייזנבאַן-ליניע אין וואַלד, זענען דורכגעגאַנגען אַזוי, ווי מען איז געגאַנגען נעכטן און צען טעג צוריק, ווי מען וועט גיין מאָרגן און אין פופציק טעג אַרום, ווי עס זענען געגאַנגען מענטשן אַלע דרייצן חדשים, וואָס עס האָט עקזיס-טירט דער טרעבלינקער גיהנום.

די דאָזיקע אַלייע האָבן די דייטשן אָנגערופן „דער וועג אָן אַ צוריק".

אַ מיאוסער נפש — ער הייסט סוכאָמיל — האָט מיט ווילדע העוויות געשריען, בכיוון פאַרקריפּלענדיק די דייטשע ווערטער:

— קינדער, קינדער, שנעלער, שנעלער, דאָס וואַסער אין באָד ווערט קאַלט. שנעלער, קינדער, שנעלער! — און האָט געלאַכט, געדרייט זיך, געטאַנצט.

די מענטשן מיט די אויפגעהויבענע הענט זענען געגאַנגען שווייגנדיק צווישן צוויי שערענגעס וואַכלייט, זענען געגאַנגען אונטער די קלעפּ פון קאָלבעס און גומענע שטעקנס. די קינדער זענען געלאָפן, קוים נאָכהאַלטנדיק די דערוואַקסענע. אין דעם דאָזיקן לעצטן פיינלעכן גאַנג, האָבן אַלע עדות אָנגעוויזן, פלעגט באַזונדערס ווילדעווען דער ס.-ס.אָוועץ צעפּף. ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אויף הרגענען קינדער. פאַרמאָגנדיק אַ קאָלאָסאַלע קראַפט, פלעגט די דאָזיקע באַשעפעניש ארויסכאַפּן פון המון אַ קינד און פלעגט עס אָדער אַ זעץ טון מיטן קעפּל אין דער ערד אָדער צערייסן אויף צווייען.

ווען איך האָב צום ערשטן מאָל געהערט דערציילן וועגן דער דאָזיקער באַשעפעניש, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָס איז גאָר אוממעגלעך. ווען איך האָב אָבער פערזענלעך פון דירעקטע עדות דערהערט נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל דערציילן אַלץ דאָס אייגענע, ווען איך האָב דערזען, אַז זיי דערציילן וועגן דעם, ווי וועגן אַ דעטאַל, וואָס טיילט זיך נישט אויס און ווידערשפּרעכט נישט דער אַלגעמיינער אָרדענונג אינעם טרעבלינקער גיהנום, האָב איך אָנגעהויבן צו גלייבן, אַז יאָ, ס'איז מעגלעך, אַזאַ באַשעפעניש זאָל עקזיסטירן.

צעפּפס אויפטועון זענען געווען נייטיק, זיי האָבן גראָד מיטגעהאָלפן דעם פסיכישן שאָק פון די פאַראורטיילטע, זיי זענען טאַקע געווען דער אויסדרוק פון דער אכזריות, וואָס האָט דערשטיקט דעם ווילן און דעם באַוווסטזיין. צעפּף איז געווען אַ נייטיק שרייפל אין דער קאָלאָסאַלער מאַשין פון דער פאַשיסטישער מלוכה.

דער וועג פון דער „קאַסע" ביזן אָרט פון דערמאָרדונג האָט געדויערט 6-7 מינוט. אונטערגעיאָגט פון קלעפּ, באַטויבט דורך געשרייען,

זענען די מענטשן ארום אויף א דריטן פּלאַץ און האָבן זיך, געפּלעפּטע, אויף איין אויגנבליק אָפּגעשטעלט.

פאר זייערע אויגן איז געשטאַנען א שיינער מויער, א באַפּוצטער מיט האָלץ, אין סטיל פון אַן אַלטן טעמפּל. פינף ברייטע בעטאָנירטע טרעפּ האָבן געפירט צו נידעריקע, נאָר זייער ברייטע מאַסיווע, שיין געשניצטע טירן. ביים ארייננגאַנג זענען געוואַקסן בלומען, עס זענען געשטאַנען וואַזאַנעס. ארום און ארום האָט אָבער געהערשט א כאָאָס — אומעטום האָבן זיך געזען בערג פריש אויפגעגראָבענע ערד, א קאָלאָסאַלער עקסקאַוואַטאָר האָט, סקריפּענדיק מיט זיינע קאָלאָסאַלע קינבאַקן, ארויסגעוואָרפן טאָנען געלן זאַמדיקן באָדן, און דער שטויב, וואָס ער האָט אָנגעמאַכט, איז געהאַנגען צווישן ערד און הימל. דער דונער פון דער גיגאַנטישער מאַשין, וואָס האָט פון פרי ביז נאַכט געגראָבן קאָלאָסאַלע רויען — קברים, האָט זיך צונויפגעמישט מיט דער ווילדער בילעריי פון צענדליקער דייטשע וואַך-הינט.

פון ביידע זייטן פון דער טויט-געביידע זענען דורכגעגאַנגען שמאָל-קאָלייאיקע אייזנבאַן-ליניעס, איבער וועלכע מענטשן אין ברייטע קאָמבינעזאָנען האָבן צוגעפירט אויטאָמאַטיש זיך איבערקערנדיקע וואַגאָנעטקעס.

די ברייטע טירן פון דער טויט-געביידע האָבן זיך לאַנגזאַם אויפגעעפנט, און צוויי געהילפן פון שמידטן, דעם שעף פון קאָמבינאַט, האָבן זיך באַוויזן ביים ארייננגאַנג. דאָס זענען געווען סאַדיסטן און מאַניאַקן. איינער — א הויכער, פון א יאָר דרייסיק, מיט מאַסיווע אַקסלען, מיט א טונקל, לאַכנדיק, פריידיק אויפגערעגט פּנים און שוואַרצע האָר, דער צווייטער — א ייִנגערער, נישט קיין הויכער, א שאַטען, מיט בלייכלעך-געלע באַקן, פּונקט ווי נאָך איינעמען א גרויסע דאָזע אַקריכין. די נעמען און פאַמיליעס זייערע זענען באַוווּסט.

דער הויכער האָט געהאַלטן אין האַנט א מאַסיווע גאַז-טרויב א מעטער די לענג און א נאַהייקע, דער צווייטער איז געווען באַוואָפנט מיט א שווערד.

אין דעם מאָמענט האָבן די ס.-ס.אָווצעס אָפּגעלאָזן די טרעניִרטע הינט, די האָבן זיך געוואָרפן אין דער מאַסע און האָבן געריסן מיט די ציין די נאַקעטע קערפּערס פון די פאַראורטיילטע. די ס.-ס.אָווצעס האָבן

מיט ווילדע געשרייען געשלאָגן מיט די קאָלבעס, אונטערגעיאָגט די ווי אין הינערפּלעט פאַרגליווערטע פרויען.

אינעווייניק אין דער געביידע גופא האָבן געבאַלעבאַטעוועט שמידטס געהילפן, זיי האָבן געטריבן די מענטשן אין די אָפענע טירן פון די גאַז-קאַמערן.

אין דער מינוט פלעגט זיך נעבן דער געביידע באַווייזן איינער פון די קאָמענדאַנטן פון טרעבלינקע, קורט פראַנץ, מיט זיין הונט באַרי אויף א ציימל. דער באַלעבאָס זיינער האָט אים ספּעציעל טרענירט צו וואַרפן זיך אויף די פאַראורטיילטע, רייסן ביי זיי די געשלעכט-אָרגאַנען.

קורט פראַנץ האָט געמאַכט אין לאַגער א גוטע קאַריערע, ער האָט אָנגעהויבן פון א ייִנגערן אונטעראָפיציר פונעם ס.-ס.-מיליטער און איז דערגאַנגען ביז א גאַנץ הויכן ראַנג פון אַן אונטערשטורעמפּירער. דער דאָזיקער פינף-און-דרייסיקיאָריקער הויכער און דאַרער ס.-ס.אָוועץ האָט געהאַט נישט נאָר אַן אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלאַנט אין איינאָרדענען די קאָנווייער שחיטה. ער איז נישט נאָר געווען שטאַרק פאַרקאַכט אין זיין אַרבעט און זיך נישט פאָרגעשטעלט קיין לעבן אויסער טרעבלינקע, ווו אַלץ איז פאָרגעקומען אונטער זיין אומדערמידלעכער אויפזיכט, ער איז אין א געוויסער מאָס געווען א טעאָרעטיקער און האָט ליב געהאַט צו פאַראַלגעמיינערן און דערקלערן דעם זין און די באַדייטונג פון זיין אַרבעט.

און דאָך גרויס איז די קראַפט פון דער מענטשלעכקייט. דער מענטש, וועלכן עס הרגעט די טריאומפירנדיקע חיה, בלייבט דאָך מענטש. ביזן לעצטן אָטעם-צוג היט ער איין די קראַפט פון זיין נשמה, די קלאָרקייט פון געדאַנק, דעם ברען פון ליבע. און די חיה, וואָס הרגעט דעם מענטשן, בלייבט נישט מער ווי א חיה, און די צייט פון איר טריאומף, ווי שרעקלעך זי זאָל נישט זיין, איז קורץ.

עס דערשיטערן ביז די טיפסטע טיפעניש פון דער נשמה, עס רייבן אוועק דעם שלאָף און די רו די דערציילונגען וועגן דעם, ווי די לעבעדיקע טרעבלינקער מתים האָבן ביז דער לעצטער רגע אייגנגעהיט נישט בלויז דאָס מענטשלעכע געשטאַלט, נאָר אויך די מענטשלעכע נשמה. דערציילונגען וועגן פרויען, וואָס האָבן געפּרווט ראַטעווען זייערע זין און טעכטער, און זענען געגאַנגען אויף גרויסע און האָפענונגלאָזע העלדן-טאַטן; וועגן

יונגע מוטערס, וואָס האָבן מיט זייערע קערפּערס זיך געמיט צו פאַרשטעלן זייערע קינדער. קיינער ווייסט נישט און וועט שוין קיינמאָל נישט וויסן די נעמען פון אַט די מוטערס. מען האָט דערציילט וועגן אַ צעניאָריק מיידעלע, וואָס האָט מיט גוואַלדיקער חכמה געטרייסט אירע וויינענדיקע עלטערן; וועגן אַ ייִנגעלע, וואָס האָט ביים אַריינגאַנג אין דער „גאַזאָווניע" געשריען: „די רוסישע וועלן נקמה נעמען, מאַמע, וויין נישט!" קיינער ווייסט נישט און וועט שוין קיינמאָל נישט וויסן, ווי מען האָט גערופן אַט די קינדער. מען האָט אונדז דערציילט וועגן צענדליקער פאַראורטיילטע מענטשן, וואָס זענען אַריינגעטראָטן אין קאַמף — איינע אַליין קעגן אַ קאָלאָסאַלער כאָפּטע ס.-ס.אָווצעס, באַוואָפנטע מיט אויטאָמאַטישן געווער און גראַנאַטן — און זענען אומגעקומען שטייענדיק, דורכגעשאָסענע פון צענדליקער קוילן. מען האָט אונדז דערציילט וועגן אַ יונגנמאַן, וואָס האָט אַריינגעשטאָכן אַ מעסער אין ס.-ס.ישן אָפיציר אין האַרצן אַריין; וועגן אַ יונגן בחור, אַן אויפשטענדלער פון וואַרשעווער געטאָ, וואָס האָט זיך געקליגט אויסצובאַהאַלטן פון די דייטשן אַ גראַנאַטע, און שוין זייענדיק נאַקעט, האָט ער זי אַ שליידער געטון אין אַ גרופּע הענקער. מען דערציילט וועגן אַ שלאַכט, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט, צווישן אַן אויפגעשטאַנענער פּאַרטיע פאַראורטיילטע און אָפּטיילן וואַכלייט און ס. ס. ביז אין דער פרי האָבן זיך געהערט אַ שיסעריי און אויפרייסן פון גראַנאַטן. ווען עס איז אויפגעגאַנגען די זון, האָט מען דערזען, אַז דער גאַנצער פּלאַץ איז באַדעקט מיט די קערפּערס פון די טויטע קריגער, נעבן יעדן פון זיי איז געלעגן זיין געווער, — אַ שטעקן, אַרויסגעריסן פון פּאַרקאַן, אַ מעסער, אַ גאָל-מעסער. מען דערציילט וועגן אַ מיידל אַ גבר אויפן „וועג אָן אַ צוריק", וואָס האָט אַרויסגעריסן אַ קאַראַבין ביי אַ וואַכמאַן פון די הענט און האָט זיך געשלאָגן קעגן אַ צענדליק ס.-ס.אָוו-צעס. צוויי חיות זענען דערהרגעט געוואָרן בעת דעם קאַמף, איינער האָט פאַרלאָרן אַ האַנט. ער האָט זיך אומגעקערט קיין טרעבלינקע מיט איין האַנט. שרעקלעך זענען געווען די פּייניקונגען און דער טויט פונעם מיידל. דעם נאָמען אירן ווייסט קיינער נישט, און קיינער גיט איר נישט אָפּ קיין כבוד.

דער היטלעריזם האָט אָפּגענומען ביי אַט די מענטשן זייער היים,

זייער לעבן, ער האָט געוואָלט אויסמעקן זייערע נעמען און זייער געדעכע-ניש אינגעם זכרון פון דער וועלט. זיי אַלע אָבער, סיי די מוטערס, וואָס האָבן מיט זייערע קערפּערס פאַרשטעלט זייערע קינדער, סיי די קינדער, וואָס האָבן אויסגעווישט די טרערן אַף די אויגן פון זייערע עלטערן, סיי די, וואָס האָבן זיך געשלאָגן מיט מעסערס און האָבן געוואָרפן גראַנאַטן, סיי די, וואָס זענען געפאַלן בעת דער נאַכטיקער שלאַכט, סיי דאָס נאַקעטע מיידל, וואָס האָט ווי אַן אַלט-גריכישע געטין זיך געשלאָגן איינע קעגן צענדליקער,—זיי אַלע, אַט די, וואָס זענען אַוועק אינעם נישטזיין, האָבן אויף אייביק פאַרהיט דעם שענסטן נאָמען, וואָס אים האָט נישט געקאָנט אַריינ-טאָפּטשען אין דער ערד די גאַנצע היטלעריסטישע באַנדע, — דעם נאָמען מענטש. אויף זייער דענקמאָל וועט די געשיכטע אָנשרייבן: „דאָ רוען מענטשן”.

די איינוווינער פונעם דאָרף וואָלקע, וואָס נעבן טרעבלינקע, דער-ציילן, אַז טיילמאָל זענען די געשרייען פון די אומקומענדיקע פרויען גע-ווען אַזוי שרעקלעך, אַז דאָס גאַנצע דאָרף פלעגט אַנטלויפן אין אַ ווייטן וואַלד, כדי נישט צו הערן דעם הימלשרייענדיקן געיאָמער. דערנאָך פלעגט דאָס געשריי פּלוצים איינגעשטילט ווערן און פלעגט ווידעראַמאָל פונקט אַזוי פּלוצים געבוירן ווערן, אַ שרעקלעכס, אַ דורכדרינגלעכס, וואָס בויערט די ביינער, דעם שאַרבן, די נשמה... אַזוי האָט זיך איבערגעחזרט צו דריי-פיר מאָל אַ טאָג.

איך האָב אויסגעפרעגט איינעם פון די געפאַנגענע הענקער ש. וועגן די דאָזיקע געשרייען. ער האָט דערקלערט, אַז די פרויען האָבן געשריען אין דעם מאָמענט, ווען מען פלעגט אַפּלאָזן אויף זיי די הינט און ווען מען פלעגט די גאַנצע פּאַרטיע פאַראורטיילטע אַריינטרייבן אין דער טויט-גע-ביידע, — זיי האָבן דערזען דעם טויט. חוץ דעם איז דאָרט געווען שרעק-לעך ענג, און די הינט האָבן אַזוי ווייטיקדיק געריסן זייער לייב אויף שטיקער.

די פּלוצימדיקע שטילקייט פלעגט אַנטשטיין, ווען מען פלעגט פאַר-מאַכן די טירן פון די קאַמערן. דאָס געשריי פלעגט זיך ווידער לאָזן הערן, ווען מען פלעגט צו דער „גאַזאָווניע” צופירן אַ נייע פאַרטיע פרויען. אַזוי האָט זיך איבערגעחזרט צוויי, דריי, פיר, פינף מאָל אַ טאָג. די טרעבלינ-

סער שחיטה איז דאָך עפּעס געווען נישט קיין פּשוטע שחיטה, נאָר אַ טויט-קאָנווייער, איינגעאָרדנט לויט די לעצטע כּללים פון אַ מאָדערנער גרויסער אונטערנעמונג.

ווי אַן עכטער אינדוסטריעלער קאָמבינאַט, איז טרעבלינקע נישט מיטאַמאָל אַנטשטאַנען אין אַזאַ אויסזען, ווי מיר האָבן זי באַשריבן. זי איז געוואַקסן בהדרגהדיק, האָט זיך אַנטוויקלט, געבויט נייע צעכן. צו-ערשט זענען אויפגעבויט געוואָרן דריי נישט קיין גרויסע גאַז-קאַמערן. אינעם פּעריאָד ,ווען אָט די קאַמערן האָבן זיך געבויט, זענען אָנגעקומען עטלעכע עשעלאָנען, און אַזוי ווי די קאַמערן זענען נאָך נישט געווען פאַרטיק, זענען אַלע אָנגעקומענע דערהרגעט געוואָרן מיט קאַלט געווער — מיט העק, האַמערס, פּלעקענער. די ס.-ס.אָוועצעס האָבן נישט געוואָלט, אַז די שיסעריי זאָל אַנטפּלעקן די אַרומיקע איינוווינער דעם שרעקלעכן תּוך פון טרעבלינקע. די ערשטע דריי קאַמערן זענען, ווי געזאָגט, געווען נישט קיין גרויסע — 5 × 5 מעטער, ד"ה מיט אַ שטח פון 25 קוואַדראַט-מעטער יעדע. די הייך פון די קאַמערן 190 סענטימעטער. אין יעדער קאַמער זענען געווען צוויי טירן — אין איינער האָט מען אַריינגעלאָזן לעבעדיקע מענטשן, די צווייטע האָט געדינט אויף אַרויסצושלעפּן די פאַרגאַזירטע קערפּערס. די דאָזיקע צווייטע טיר איז געווען זייער ברייט — ביי אַ דריטהאַלבן מעטער. די קאַמערן זענען געווען מאָנטירט אַלע אין איינעם אויף איין פונדאַמענט.

די דאָזיקע דריי קאַמערן האָבן אָבער נישט צופרידנגעשטעלט בערלין. איז מען גלייך צוגעטראָטן צו בויען די אויבן באַשריבענע געביידע. די אָנפירער פון טרעבלינקע האָבן שטאָלצירט דערמיט, וואָס זייער לאַגער שטייגט ווייט אַריבער לויט דער מעכטיקייט, דורכלאָזפעאיקייט און פּראָדוציר-קוואַדראַטור פון די קאַמערן אַלע געסטאַפּישע טויט-פאַבריקן: אי מיידאַנעק, אי סאָביבור, אי בעלזשעץ.

זיבן הונדערט אַרעסטירטע האָבן אין משך פון פינף וואָכן געאַרבעט ביים בויען דעם נייעם טויט-קאָמבינאַט. אין סאַמע ברען פון דער אַרבעט איז פון דייטשלאַנד געקומען אַ מייסטער מיט אַ בריגאַדע און איז צוגעטראָטן צום מאָנטאַזש. די נייע צען קאַמערן זענען געווען סימעטריש אויסגעבויט פוןביידע זייטן ברייטן בעטאָנירטן קאָרידאָר. אין יעדער קאַ-

מער איז, פּונקט ווי אין די פריערדיקע, געווען צוויי טירן — די ערשטע פון דער זייט פון קאָרידאָר, אין איר פלעגט מען אַריינפירן לעבעדיקע מענטשן, די צווייטע — אַ פּאַראַלעלע צו דער ערשטער — אין דער קעגנאיבערדיקער וואַנט, האָט געדינט אויף אַרויסצושלעפּן די טויטע קערפּערס. די דאָזיקע טירן זענען אַרויסגעגאַנגען אויף אַ ספּעציעלער פּלאַטפאָרעם. פּלאַטפאָר-מעס זענען געווען צוויי — ביי ביידע זייטן פון דער געביידע. צו די פּלאַט-פאָרמעס זענען צוגעגאַנגען די ליניעס פון אַ שמאָלקאָלייאיקער אייזנבאַן. אַזוי אַרום פלעגן די טויטע קערפּערס אַרויספאַלן אויף דער פּלאַטפאָרעם, און פון דאָרט פלעגט מען זיי גלייך אָנלאָדן אין די וואַגאָנעטקעס און אַוועקפירן צו די קאָלאָסאַלע קברים. די פּאָדלאָגע אין די קאַמערן איז גע-ווען שטאַרק אָנגענייגט פון קאָרידאָר צו די פּלאַטפאָרמעס, און דאָס האָט באַדייטנדיק פאַרשנעלערט די אַרבעט פון אויסלאָדן די קאַמערן. אין די אַלטע קאַמערן פלעגן די טויטע קערפּערס אויסגעלאָדן ווערן אויף אַ קוס-טאַרישן אופן: מען האָט זיי אַרויסגעטראָגן אויף טראָגבעטלעך און אַרויס-געשלעפּט מיט דער הילף פון רימענס.

די נייע קאַמערן זענען געווען אַ סך גרעסער — 7 × 8 מעטער, ד״ה 56 קוואַדראַט-מעטער. דער אַלגעמיינער שטח פון די נייע צען קאַמערן האָט אַזוי-אַרום באַטראָפן 560 קוואַדראַט-מעטער. די אַלטע דריי קאַמערן האָבן אויך געאַרבעט, ווען עס פלעגן אָנקומען נישט קיין גרויסע פּאַר-טיעס. אַזוי אַז סך-הכל האָט טרעבלינקע פאַרמאָגט אַ פּראָדוקטיוון טויט-שטח פון 635 מעטער. אין איין קאַמער פלעגן אַריינגעשטופּט ווערן גלייכ-צייטיק 400-500 מענטשן. ביי דער פולער אָנלאָדונג פון די צען קאַמערן פלעגן אַזוי-אַרום פאַר איין מאָל פאַרניכטעט ווערן 4500 מענטשן. ביי דער סאַמע דורכשניטלעכער אָנלאָדונג פלעגן די קאַמערן אָנגעלאָדן ווערן וויניקסטנס צוויי-דריי מאָל אַ טאָג (עס זענען געווען טעג, ווען זיי פלעגן אָנגעלאָדן ווערן ביז פינף מאָל). בכיוון פאַרקלענערנדיק די ציפער, קאָ-נען מיר אונטערחשבונען, אַז אויב מען האָט נאָר צוויי מאָל אַ טאָג אָנגע-לאָדן בלויז די נייע צען קאַמערן, האָט מען אין טרעבלינקע אין משך פון איין טאָג דערהרגעט צען טויזנט מענטשן, און אין משך פון חודש ביי אַ 300 טויזנט. טרעבלינקע האָט געאַרבעט טאָג-טעגלעך אין משך פון דרייצן חדשים, נאָר אויב מיר זאָלן אפילו אַראָפּוואַרפן אַ נײַנציק טעג — רעמאָנט

און טעג, ווען עס זענען קיין עשעלאָנען נישט אָנגעקומען, וועלן זיך אַלץ באַקומען ריינע צען חדשים אַרבעט, ד"ה אַז פאַר די צען חדשים האָט טרעבלינקע דערהרגעט 3 מיליאָן מענטשן. מיר זענען ווידער געקומען צו דער ציפער דריי מיליאָן. דאָס ערשטע מאָל האָבן מיר די דאָזיקע ציפער באַקומען ביים אונטערחשבונען די אָנגעקומענע עשעלאָנען, דערביי האָבן מיר אויך בכיוון פאַרקלענערט די ציפער.

לאָמיר נאָך אַמאָל מאַכן דעם חשבון.

ערשטנס: לויט די באַווייזן פון די עדות האָט טרעבלינקע געאַרבעט יעדן טאָג, און די דייטשן האָבן, גאָר נישט ווי זייער שטייגער, נישט גע־פּראַוועט דאָרט קיין זונטיקס, נישט קיין ווייַנאַכט און קיין שום אַנדערע חגאות.

צווייטנס: די אָנגעוויזענע ציפער פון אָנלאָדן איין קאַמער איז פאַר־קלענערט. טרעבלינקע איז צווישן די איבעריקע טויט-פאַבריקן באַרימט דערמיט, וואָס אין ערגעץ האָט מען אַזוי נישט אָנגעשטאָפּט די קאַמערן, ווי דאָרט. אָפּטמאָל פלעגט מען אין איין קאַמער בוכשטעבלעך אַריינפּרעסן זיבן הונדערט — אַכט הונדערט לעבעדיקע קערפּערס. די קינדער און די שוואַכע פלעגט מען געוויינלעך אַרויפוואַרפן אויף די קעפּ פון די דערוואַק־סענע, וואָס זענען געשטאַנען האַרט איינער נעבן צווייטן.

דריטנס: איך ווייז אָן אין דורכשניט, אַז די קאַמערן פלעגן אָנגע־לאָדן ווערן צוויי מאָל אַ טאָג. די דורכשניטלעכע אָנלאָדונג איז אָבער, לויט אַלע ידיעות, געווען אַ דריימאָליקע.

אַזוי אַרום איז סיי ביים אונטערחשבונען די אין טרעבלינקע אָנגע־קומענע עשעלאָנען, סיי ביים אויסרעכענען די טויט-מעכטיקייט פון די קאַמערן, קומען מיר, אפילו ביים פאַרקלענערן אַלע אָנגאַבן, צו איין און דער זעלבער ציפער: דריי מיליאָן דערהרגעטע מענטשן אין משך פון דרייצן חדשים.

דאָס טויטן האָט אין אַ קאַמער געדויערט פון צען ביז פינף און צוואַנציק מינוט.

אין דער ערשטער צייט, ווען די נייע קאַמערן האָבן ערשט אָנגע־הויבן פונקציאָנירן, האָבן נאָך די הענקער נישט געקאָנט רעגולירן דעם גאַז-רעזשים און האָבן געמאַכט עקספּערימענטן מיט דאָזירן פאַרשיידענע

גאַז-שטאָפּן, דעריבער האָבן די קרבנות געהאַט אויסצושטיין גוואַלדיקע לײַדן אין משך פון צוויי-דריי שעה. אין די גאַר ערשטע טעג האָבן שלעכט געאַרבעט די פאַרשיידענע פּאָמפּע-אינסטאַלאַציעס, און דעמאָלט פלעגן די לײַדן פון די אומגליקלעכע זיך פאַרציִען אויף אַכט און צען שעה.

אויף צו טויטן זענען אָנגעווענדט געוואָרן פאַרשיידענע מעטאָדן. אַרײַנפּאָמפּען אין די קאַמערן די גאַזן, וועלכע עס האָט אויסגעאַרבעט דער מאָטאָר פונעם שווערן טאַנק, וואָס איז אויסגענוצט געוואָרן אַלס מאָטאָר פאַר דער טרעבלינקער עלעקטראָסטאַציע. דער דאָזיקער גאַז אַנטהאַלט צוויי-דריי פּראָצענט קוילנשטאָף-אָקסיד, וואָס פאַרוואַנדלט דעם העמאָגלאָבין פונעם בלוט אין אַ פעסטער פאַראייניקונג, אינעם אַזויגערופענעם קאַרבאָ-קסיהעמאָגלאָבין. דער דאָזיקער קאַרבאָקסיהעמאָגלאָבין איז פיל שטאַנד-האַפטיקער פונעם אָקסיהעמאָגלאָבין, וואָס בילדעט זיך אויס, ווען דאָס בלוט קומט אין באַרירונג מיטן זויערשטאָף פון דער לופט אין די אַל-וועאָלעס פון די לונגען. אין משך פון פּוצן מינוט פאַראייניקט זיך דער העמאָגלאָבין אין בלוט מיט דעם קוילנשטאָף-אָקסיד, און דער זויערשטאָף הערט אויף אַרײַנצושטראָמען אינעם מענטשנס אָרגאַניזם. עס באַווייזן זיך סימנים פון זויערשטאָף-הונגער. דער מענטש קומט אום אַ דערשטיקטער.

דער צווייטער מעטאָד, וואָס איז אַמערסטן אָנגעווענדט געוואָרן אין טרעבלינקע, איז געווען מיט דער הילף פון אויספּאָמפּען די לופט פון די קאַמערן מיט דער הילף פון ספּעציעלע פּאָמפּעס. דער טויט פלעגט קומען מחמת די זעלבע סיבות: ביים מענטשן האָט מען צוגענומען דעם זויער-שטאָף.

און, ענדלעך, דער דריטער מעטאָד, אַ ווייניקער אָנגענומענער, אָבער וואָס איז דאָך אָנגעווענדט געוואָרן — דערהרגענען מיט דער הילף פון דאַמף. דער דאָזיקער מעטאָד האָט זיך אויך באַזירט אויף צונעמען ביים אָרגאַניזם דעם זויערשטאָף: דער דאַמף פלעגט אַרויסשטויסן פון די קאַ-מערן די לופט.

עס זענען אויך אָנגעווענדט געוואָרן פאַרשיידענע אַנדערע גיפט-שטאָפן, דאָס זענען אָבער געווען בלויז עקספּערימענטן. די גרונט-מעטאָדן פון די מאַסן-הריגות זענען געווען יענע צוויי, וועגן וועלכע מיר האָבן פריער דערמאָנט.

אזוי האָט דער גאַנצער פּראָצעס פון דער אַרבעט פונעם טרעבלינקער קאָנוויייער געהאָלפן דער חיה צונעמען ביים מענטשן איינס נאָכן צווייטן אַלץ, מיט וואָס ער האָט זיך באַנוצט פון קדמונים אָן לויטן הייליקן געזעץ פון לעבן. צוערשט האָט מען ביים מענטשן צוגענומען די פרייהייט, די היים, דאָס לאַנד און אַוועקגעפירט אויף אַן אומבאַוווּסטער וואַלד-פּוסטקע. דערנאָך האָט מען ביים מענטשן אויפן וואָקזאַל-פּלאַץ צוגענומען זיינע זאַכן. בריוו, די פאָטאָגראַפיעס פון זיינע נאָענטע, נאָכדעם, הינטער דער לאַגער-צאַם, האָט מען ביי אים צוגענומען די מוטער, די פרוי, דאָס קינד. דערנאָך האָט מען ביי דעם נאַקעטן מענטשן צוגענומען די דאָקומענטן, געוואָרפן זיי אין שייטער — ביים מענטשן האָט מען צוגערויבט אפילו זיין נאָמען. מען האָט אים אַריינגעטריבן אין אַ קאָרידאָר מיט אַ נידערי-קער שטיינערנער סטעליע — מען האָט ביי אים צוגענומען דעם הימל, די שטערן, דעם ווינט, די זון.

און אָט קומט ער, דער לעצטער אַקט פון דער מענטשלעכער טראַ-געדיע, דער מענטש איז אַרויף אויפן לעצטן שטאַפּל פונעם טרעבלינקער גיהנום. הינטער אים האָבן זיך פאַרהאַקט די טירן פון דער בעטאָנירטער קאַמער. פאַרפּולקאָמטע מעכאַניזירטע ריגלען, מאַסיווע פאַרוקערס און האַקנס האַלטן די טיר. וועסט זי נישט אויפברעכן.

צי וועלן מיר אין זיך געפינען כוח צו פאַרטראַכטן זיך איבער דעם, וואָס עס האָבן געפילט אין די לעצטע מינוטן די מענטשן, וועלכע זענען געווען פאַרשפּאַרט אין די דאָזיקע קאַמערן? עס איז באַוווּסט, אַז זיי האָבן געשוויגן... אין אַ שרעקלעכער ענגשאַפט, וואָס האָט געבראָכן די ביינער און נישט געלאָזט דעם ברוסט-קאַסטן אָטעמען, זענען זיי געשטאַנען איי-נער נעבן צווייטן, באַגיסנדיק זיך מיטן לעצטן, קלעפּיקן טויט-שווייס. עמעצער, אפשר אַ גרייז-גראָער חכם, האָט קוים אַרויסגערעדט: „פאַר-נעמט מיין טרייסט-וואָרט — דאָס איז דער סוף״... עמעצער שרייט אויס אַ שרעקלעכע קללה... שוין זשע וועט זי נישט מקוים ווערן, אָט די היי-ליקע קללה? אַ מוטער פּרוּווט מיט איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג אָפּ-רייניקן אַ שטיקל אָרט פאַר איר עופהלע — זאָל איר מוטערלעכע זאָרג באַטש אויף איין מיליאָנטל פאַרלייכטערן זיין לעצטן גסיסה-אָטעם. מיט שוין אַ געלייטער צונג פרעגט אַ מיידל: „פאַרוואָס דערשטיקט מען מיך?

פּאַרוואָס טאָר איך נישט ליבן און האָבן קינדער?" און דער קאָפּ דרייט זיך, עס שטיקט אין האַלדז. וואָסערע בילדער האָבן געשווינדלט פאַר די שוין פאַרגלייזטע שטאַרבנדיקע אויגן? די קינדהייט, די גליקלעכע פריד־לעכע טעג, די לעצטע שווערע רייזע? עמעצער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם חוזק אויפן פּנים פון אַן ס.-ס.אָוועץ אויפן ערשטן פּלאַץ נעבן וואָקזאַל. „דעריבער האָט ער געלאַכט!..." דער באַוווסטזיין לעשט זיך אויס, און עס קומט די מינוט פון דעם לעצטן שרעקלעכן פּיין...

ניין, מען קאָן זיך נישט פאָרשטעלן דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען אין די קאַמערן... די טויטע קערפּערס שטייען און גליווערן ביסלעכווייז. לענגער פון אַלעמען, באַווייזן די עדות, האָט זיך איינגעהיט דער אָטעם ביי די קינדער. אין אַ 20-25 מינוט אַרום האָבן שמידטס געהילפן אַריינ־געקוקט אינעם אייגל. ס'איז געקומען די צייט צו עפענען די טירן, וואָס צו די פּלאַטפאָרמעס אַרויס. געטריבן פון די ס.-ס.אָווצעס, איז אַ גרופּע אַרעסטירטע צוגעטראָטן צום אויסלאָדן די קאַמערן. אַזוי ווי די פּאָדלאָגע איז געווען אָנגענייגט צו דער פּלאַטפאָרמע-צו, זענען אַ סך קערפּערס אַליין אַרויסגעפאַלן. מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט ביים אויסלאָדן די קאַמערן, האָבן מיר דערציילט, אַז די פּנימער פון די טויטע זענען געווען זייער געל און אַז ביי אַ 70 פּראָצענט דערהרגעטע איז פון נאָז און פון מויל אַרויסגערונען אַ ביסל בלוט. די פיזיאָלאָגן קאָנען געפינען אַ דער־קלערונג פאַר אָט דער דערשיינונג.

שמועסנדיק צווישן זיך, האָבן די ס.-ס.אָווצעס באַטראַכט די מתים. אויב עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עמעצער לעבט נאָך, אָטעמט אָדער באַ־וועגט זיך, האָט מען אים דערשאָסן פון אַ פּיסטאָלעט. דערנאָך האָט אַ קאָ־מאַנדע, באַוואָפנט מיט ציינדאָקטאָרשע צוואַנגען, אַרויסגעריסן ביי די טויטע די גאָלדענע ציינער. די ציינער האָט מען סאָרטירט לויט זייער ווערט, איינגעפּאַקט אין קעסטלעך און אָוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד. ווען די ס.-ס.אָווצעס וואָלט געווען באַקוועמער אַרויסצורייסן די ציינער ביי לעבעדיקע מענטשן, וואָלטן זיי, פאַרשטייט זיך, קיין רגע ניט געטראַכט, און געטון עס, פּונקט אַזוי ווי זיי האָבן אָפּגעשאָרן די האָר ביי לעבעדיקע פרויען. אַרויסרייסן די ציין ביי טויטע איז געווען, ווייזט אויס, באַקווע־מער און לייכטער.

די מתים האָט מען אָנגעלאָדן אין וואַגאָנעטקעס און צוגעפירט צו קאָלאָסאַלע רויען-קברים. דאָרט האָט מען זיי איינגעלייגט רייענווייז, פּעסט איינעם נעבן צווייטן. דעם רוי פלעגט מען נישט פאַרשיטן, ער פלעגט וואַרטן...

און בעת מען פלעגט ערשט צוטרעטן צום אויסלאָדן די „גאַזאָווניע", פלעגט שוין דער שאַרפירער, וואָס האָט געאַרבעט אויפן „טראַנספּאָרט", באַקומען אַ טעלעפאָנישן באַפעל. דער שאַרפירער פלעגט דערלאַנגען דעם אָפּגערעדטן פייף — אַ סיגנאַל דעם מאַשיניסט, און נייע צוואַנציק וואַגאָנעם פלעגן צופאָרן צו דער פלאַטפאָרמע, אויף וועלכער עס איז געשטאַנען דער מאַקעט פונעם וואָקזאַל פון דער סטאַציע „אָבער-מיידאַן". נייע דריי-פיר טויזנט מענטשן מיט טשעמאָדאַנעס, פּעק זאַכן, מיט פּעקלעך עסן אין די הענט פלעגן אַרויסגיין אויפן וואָקזאַל-פּלאַץ. מוטערס האָבן געטראָגן קינדער אויף די הענט, די עלטערע קינדער האָבן זיך אָנגעהאַלטן אָן די עלטערן און אויפמערקזאַם זיך אַרומגעקוקט. עפּעס באַאומרואיקנדיקס און אימהדיקס איז געווען אין אָט דעם פּלאַץ, אָן אויסגעטראָטענעם פון מיליאָנען מענטשלעכע פיס. און פאַרוואָס עפּעס ענדיקט זיך די אייזנבאַן-ליניע גלייך הינטער דער וואָקזאַל-פּלאַטפאָרמע, פאַרוואָס וואַקסט דאָרט געל גראָז און עס ציט זיך אַ וואַנט דראָט דריי מעטער די הייך?...

די נייע פּאַרטיעס האָט מען אויפגענומען לויט אַ שטרענגן חשבון, אַזוי אַז די פאַראורטיילטע זאָלן אַרויפטרעטן אויפן „וועג אָן צוריק" פּונקט אין דעם מאָמענט, ווען פון דער „גאַזאָווניע" פלעגט מען אַרויספירן צו די רויען די לעצטע מתים.

און דער רוי איז געשטאַנען נישט קיין פאַרשאָטענער און האָט געוואַרט...

און אַזוי כסדר.

ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל — אַ פייף פונעם שאַרפירער, ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל פאָרן לאַנגזאַם אַרויס פון וואַלד צוואַנציק וואַגאָנעס און גייען צו צו דער פּלאַטפאָרמע. נייע טויזנטער מענטשן, מיט טשעמאָדאַנעס, פּעק זאַכן און פּעקלעך עסן, גייען אַרויס אויפן פּלאַץ און קוקן

זיך ארום. עפּעס באַאומרואיקנדיקס און אימהדיקס איז געווען אין אָט דעם פּלאַץ, אָן אויסגעטראָטענעם פון מיליאָנען מענטשלעכע פיס...

ריזיקע עקסקאַוואַטאָרן האָבן געאַרבעט, געריטשעט, געגראָבן טאָג און נאַכט קאָלאָסאַלע רויען. הונדערטער מעטער די לענג און פיל מעטער די טיף. און די רויען זענען געשטאַנען נישט קיין פאַרשאָטענע און האָבן געוואַרט...

.2

סוף ווינטער 1943-1942 איז קיין טרעבלינקע געקומען הימלער אין באַגלייטונג פון אַ גרופּע גרויסע אָנגעשטעלטע פון געשטאַפּאָ. הימלערס גרופּע איז אינעם ראַיאָן פון לאַגער געקומען אויף אַן עראָפּלאַן און דערנאָך אויף צוויי פּאַסאַזשיר-מאַשינעס אַריינגעפאָרן אין לאַגער דורכן הויפּט-טויער. די מערהייט אָנגעקומענע זענען געווען אין מיליטערישע אוניפאָר-מעס, בלויז אייניקע, משמעות עקספּערטן, זענען געווען ציוויל געקליידט — אין פּעלצן און אין היט. הימלער האָט פּערזענלעך באַטראַכט דעם לאַ-גער, און איינער פון די, וואָס האָבן אים געזען, האָט אונדז דערציילט, אַז דער טויט-מיניסטער איז צוגעגאַנגען צום קאָלאָסאַלן רוי און לאַנג שווייגנדיק אים באַטראַכט. די באַגלייטער זענען געשטאַנען אַ פּאָר טריט הינטער אים און האָבן געוואַרט, ביז הייינריך הימלער וועט ענדיקן באַ-טראַכטן דעם קאָלאָסאַלן קבר, וואָס איז שוין ביז העלפט פול געווען מיט מתים. טרעבלינקע איז געווען די גרעסטע פאַבריק אינעם הימלער-קאָנ-צערן. דעם זעלבן טאָג איז דער עראָפּלאַן פונעם ס.-ס.-רייכספירער אוועק-געפלויגן. פאַרלאָזנדיק טרעבלינקע, האָט הימלער אָפּגעגעבן אַ באַפעל, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ צעטומלטקייט ביי אַלעמען — אי ביים הויפּטשטו-רעמפירער באַראָן פאָן פּפיין, אי ביי זיין פאַרטרעטער קאַראָל, אי ביים קאַפּיטאַן פראַנץ: תיכף צוטרעטן צום פאַרברענען די פאַרגראָבענע מתים, און פאַרברענען זיי אַלע ביז איינעם. דעם אש און דעם שלאַק אַרויספירן פון לאַגער, צעוואַרפן איבער פעלדער און וועגן. אין דער ערד האָבן זיך שוין געפונען מיליאָנען מתים. די אויפגאַבע האָט אויסגעוויזן אומגעוויינ-

לעך קאָמפּליצירט און שווער. חוץ דעם, איז געווען אַ באַפעל די ניי-פאַר-גאַזירטע נישט פאַרגראָבן, נאָר תיכּף פאַרברענען.

וואָס האָט אַרויסגערופן הימלערס אינספּעקציע-רייזע און זיין פּער-זענלעכן קאַטעגאָרישן באַפעל, וועלכן ער האָט צוגעגעבן אַזאַ גרויסע באַ-דייטונג? די סיבה איז געווען בלויז איינע — דער סטאַלינגראַדער זיג פון דער רויטער אַרמיי. דער רוסישער קלאַפּ ביי דער וואָלגע איז געווען אַזוי מעכטיק, אַז שוין אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען זיך אין בערלין צום ערשטן מאָל פאַרטראַכט וועגן פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וועגן שטראָף. און הימלער אַליין איז געקומען צו פליען אויף אַן אַעראָפּלאַן קיין טרעבלינקע און האָט באַפוילן דרינגענדיק פאַרווישן די שפּורן פונעם פאַרברעכן, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן 60 קילאָמעטער פון וואַרשע.

צוערשט איז די אַרבעט פון פאַרברענען די מתים עפּעס נישט גע-גאַנגען — די מתים האָבן נישט געוואָלט ברענען. מען האָט באַמערקט, אַז די פרויען-קערפּערס ברענען בעסער... מען האָט געפּטרט זייער פיל בענזין און אויל אויף פונאַנדערברענען די מתים, דאָס האָט אָבער גע-קאָסט טייער, און דער עפעקט איז געווען אַ נישטיקער. עס האָט זיך גע-דאַכט, אַז דער ענין וועט זיך שוין פון אָרט נישט רירן. מען האָט אָבער געפונען אַן אויסוועג. פון דייטשלאַנד איז געקומען צו פאָרן אַן ס.-ס.אָ-וועץ. אַ דיקער מאַנסביל, ביי די פּופּציקער. אַ ספּעציאַליסט און אַ מייס-טער. וואָסערע מינים מייסטערס האָט נאָר נישט געבוירן דער היטלערים-טישער רעזשים — אי פון הרגענען קליינע קינדער, אי פון דערשטיקן, אי פון בויען גאַז-קאַמערן, אי פון וויסנשאַפטלעך-אָרגאַניזירטן פאַרניכטן אַ גרויסע שטאָט אין משך פון איין טאָג. עס האָט זיך אויך געפונען אַ ספּע-ציאַליסט פון אַרויסגראָבן און פאַרברענען מיליאָנען דערהרגעטע מענטשן.

אונטער זיין אָנפירונג האָט מען אָנגעהויבן בויען אויוונס. אויוונס-שייטערס פון אַ ספּעציעלן מין, ווייל נישט דער לובלינער, נישט קיין שום אַנדער גרעסטער קרעמאַטאָריום אין דער וועלט איז נישט אימשטאַנד גע-ווען פאַר אַ קורצער צייט צו פאַרברענען אַזוי פיל טויטע קערפּערס. אַן עקסקאַוואַטאָר האָט אויסגעגראָבן אַ רוי פון 300-250 מעטער די לענג, 25-20 מעטער די ברייט, 5 מעטער די טיף. אויפן דעק פון דעם רוי אין זיין גאַנצער לענג האָט מען אַוועקגעשטעלט צוויי רייען סלופּעס פון אייזנ-

בעטאָן אויף א גלייכן שטח איינער פונעם צווייטן, יעדערער פון זיי האָט זיך געהויבן איבערן רוי אויף 100-120 סענטימעטער. די סלופעס זענען געווען דער פונדאַמענט פאַר שטאָלענע באַלקנס, וואָס זענען געלעגן לענג־אויס דעם גאַנצן רוי. אין דער קוואָר פון די דאָזיקע באַלקנס האָט מען אַוועקגעלייגט רעלסן, אויף א שטח פון 5-7 סענטימעטער איינער פונעם צווייטן. אזוי אַרום זענען איינגעאָרדנט געוואָרן גיגאַנטישע גראַטעס פון א קאָלאָסאַלן אויוון. עס איז אויסגעבויט געוואָרן א נייע אייזנבאַן־ליניע, וואָס האָט געפירט פון די קברים־רויען צו דעם אויוון־רוי. אין גיכן האָט מען אויפגעבויט א צווייטן און אויך א דריטן אויוון פון דער זעלבער גרויס. אין יעדן פון אָט די אויוונס פלעגט מען פאַר איין מאָל אָנלאָדן 3500-4000 מתים.

עס איז געבראַכט געוואָרן א צווייטער „וואַגער" — א קאָלאָסאַלער עקסקאַוואַטאָר, און אין גיכן — אויך א דריטער. די אַרבעט איז געגאַנגען טאָג און נאַכט. מענטשן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין פאַרברענען די מתים, דערציילן, אַז די דאָזיקע אויוונס האָבן דערמאָנט אין וואולקאַנען. א שרעקלעכע היץ האָט געברענט די פּנימער, א פלאַם האָט געזעצט אויף 8-10 מעטער די הויך, די זיילן שוואַרצן, געדיכטן און פעטן רויך האָבן געגרייכט ביזן הימל און זענען, ווי א שווערער, אומבאַוועגלעכער פאָרהאַנג, געהאַנגען אין דער לופט. פאַר 30-40 קילאָמעטער פונעם לאַגער האָבן די איינוווינער פון די אַרומיקע דערפער געזען ביינאַכט דעם פלאַם. ער האָט זיך געהויבן איבער די סאָסנע־וועלדער, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם לאַגער. דער עיפּוש פון פאַרשרפעט מענטשן־פלייש האָט אָנגעפילט די גאַנצע אומגעגנט. ווען דער ווינט פלעגט בלאָזן אין דער זייט פון פוילישן לאַגער, וואָס איז געווען דריי קילאָמעטער פון דאָרט, פלעגן די מענטשן דערשטיקט ווערן פון דעם שרעקלעכן עיפּוש. ביי דער אַרבעט פון פאַר־ברענען די מתים זענען געווען פאַרנומען 800 אַרעסטירטע. דער דאָזיקער שוידערלעכער צעך האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט אין משך פון אַכט חדשים און האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט די מיליאָנען מענטשלעכע קערפּערס. דערצו נאָך פלעגן די גאַנצע צייט אָנקומען נייע פּאַרטיעס פאַראורטיילטע, און דאָס האָט אויך געגעבן אַן אָנלאָדונג די אויוונס.

עס פֿלעגן אָנקומען עשעלאָנען יידן פֿון בולגאַריע. די ס.-ס.אָווצעס און וואַכלייט פֿלעגן זיך פֿרייען ביי זייער אָנקום. אָפּגענאַרט פֿון די דייטשן און פֿון דער דעמאָלטיקער בולגאַרישער רעגירונג, האָבן די מענטשן, נישט ווייסנדיק, וואָס עס דערוואַרט זיי, געבראַכט מיט זיך אַ סך ווערטפֿולע זאַכן, גוט עסן, ווייס ברויט. דערנאָך האָבן אָנגעהויבן אָנקומען עשעלאָנען פֿון גראָדנע און ביאַליסטאָק. דערנאָך עשעלאָנען פֿון דער אויפֿגעשטאַנענער וואַרשעווער געטאָ. עס איז אָנגעקומען אַן עשעלאָן פּוילישע אויפֿשטענדלער — פּויערים, אַרבעטער, סאָלדאַטן. עס איז אָנגעקומען אַ פּאַרטיע ציגיינער פֿון בעסאַראַביע, אַ 200 מענער און 800 פֿרויען און קינדער. די ציגיינער זענען געקומען צופֿוס, נאָך זיי זענען געגאַנגען פֿורן מיט פֿערד: זיי האָט מען אויך אָפּגענאַרט. געקומען זענען די טויזנטער מענטשן אונטער דער וואַך פֿון סך-הכל צוויי וואַכלייט, און די וואַכלייט אַליין האָבן קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז זיי טרייבן די מענטשן צום טויט. מען דערציילט, אַז די ציגיינער האָבן געפּליעסקעט מיט די הענט פֿון אַנטציקונג, ווען זיי האָבן דערזען דעם שיינעם בנין פֿון דער טויט-געביידע, און האָבן ביז דער לעצטער מינוט זיך נישט אָנגעשטויסן, וואָס עס דערוואַרט זיי. דאָס האָט באַזונדערס פֿאַרוויילט די דייטשן. אַכזריותדיק האָבן די דייטשן זיך איזדיעקעוועט איבער די אויפֿשטענדלער פֿון וואַרשעווער געטאָ. פֿון יעדער פּאַרטיע פֿלעגט מען אויסטיילן די פֿרויען מיט קינדער און פֿירן זיי נישט צו די גאַז-קאַמערן, נאָר צו די ערטער, וווּ מען האָט פֿאַרברענט די מתים. די פֿאַר שרעק משוגע געוואָרענע מוטערס האָט מען געצוווּנגען אַרומפֿירן די קינדער צווישן די אָנגעגליטע גראַטעס, וווּ עס האָבן זיך אין פֿלאַם און רויך געדרייט די מתים, וווּ ביי טויטע מעוברתע פֿרויען האָבן פֿון היץ געפּלאַצט די בייכער און וווּ די קינדער, דערהרגעטע איידער זיי זענען געבוירן געוואָרן, האָבן געברענט אין דער מוטער-טראַכט. דאָס דאָזיקע בילד האָט געקאָנט אַראָפּפֿירן פֿון זינען דעם סאַמע פֿאַרהאַרטעוועטן מענטשן. די דייטשן האָבן אָבער ריכטיק אויסגערעכנט, אַז נאָך טויזנטער מאָל מער האָט עס געדאַרפֿט ווירקן אויף די מוטערס, וואָס האָבן געפּרוווּט מיט די הענט פֿאַרשטעלן די אויגן פֿון זייערע קינדער, וועלכע האָבן זיך געוואָרפֿן צו זיי מיט ווילדע געשרייען: „מאַמע, מאַמע, וואָס וועט מיט אונדז זיין, מען וועט אונדז פֿאַרברענען?״

זיך פארוויילט א ביסל מיט אזא בילד, פלעגן די דייטשן ווירקלעך פארברענען די קינדער.

אפילו לייענען וועגן דעם איז אומענדלעך שווער. דער לייענער מעג מיר גלויבן, נישט ווייניקער שווער איז שרייבן וועגן דעם. אפשר וועט עמעצער פרעגן: „צו וואס זשע שרייבן, צו וואס דערמאנען וועגן דעם?"

די פליכט פונעם שרייבער איז דערציילן דעם שרעקלעכן אמת, די בירגער-פליכט פונעם לייענער איז וויסן דעם דאזיקן אמת. יעדער איינער, וואס וועט זיך אפקערן, וואס וועט פארמאכן די אויגן און פארבייגיין, וועט באליידיקן דעם אנדענק פון די אומגעקומענע. יעדער איינער, וואס וועט זיך נישט דערוויסן דעם גאנצן אמת, וועט קיינמאל נישט פארשטיין, מיט וואס פאר א שונא, מיט וואס פאר א חיה-רעה עס איז אריינגעטראטן אין א טויט-געראנגל אונדזער גרויסע, אונדזער הייליקע רויטע ארמיי.

דעם „לאזארעט" האט מען אויך אויסגעשטאט אויפסניי. פריער פלעגט מען די קראנקע אוועקפירן אינעם ווינקל, וואס איז געווען אפגע-צאמט מיט צווייגן. דארט פלעגט זיי באגעגענען דער „דאקטאר" און דארט פלעגט מען זיי הרגענען. די קערפערס פון די דערהרגעטע אלטע לייט און קראנקע פלעגט מען אויף טראגבעטלעך טראנספארטירן צו די אלגעמיינע קברים. איצט איז אויסגעגראבן געווארן א קיילעכדיקער רוי. ארום אים, ווי ארום א ספארט-סטאדיום, זענען געשטאנען נידעריקע בענקלעך, אזוי נאענט צום ראנד, אז די זיצנדיקע אויף די בענקלעך האבן זיך געפונען סאמע איבערן גרוב. אויפן דעק האבן זיך געפונען גראטעס, אויף וועלכע עס האבן געברענט מתים. די קראנקע און די זקנים פלעגט מען ברענגען אין „לאזארעט". דערנאך פלעגן די „סאניטארן" אוועקזעצן זיי אויף די בענקלעך מיטן פנים צו דעם שייטער פון די מענטשלעכע קערפערס. אנ-געקוואלן א ביסל פון דעם בילד, פלעגן די קאניבאלן שיסן אין די גרויע קעפ און געבויגענע רוקנס פון די זיצנדיקע: די דערהרגעטע און פארוווּנ-דעטע פלעגן פאלן אין שייטער.

וואס הייסט דייטשער הומאר, וועט זיך די וועלט דערוויסן פון די פארוויילונגען, וואס די ס.-ס.אוועס האבן זיך איינגעארדנט, פון די בלו-טיקע „וויצן", וואס זיי האבן געפראוועט איבער זייערע קרבנות.

זיי האָבן איינגעאָרדנט פוטבאָל-פאַרמעסטונגען פון די טויט-פאַר-אורטיילטע, געצוווּנגען זיי צו שפּילן אין „כאַפּעניש", אָרגאַניזירט אַ כאָר פון די פאַראורטיילטע, טענץ פון די פאַראורטיילטע. פאַר די פאַראור-טיילטע איז אַפילו אָנגעשריבן געוואָרן אַ ספּעציעלער הימן „טרעבלינקע" און דאָרט זענען געווען אַזוינע ווערטער:

„פאַר אונדז גילט היינט נאָר טרעבלינקע,
דאָס איז אונדזער שיקזאַל".

די צעבלוטיקטע מענטשן האָט מען עטלעכע מינוט פאַרן טויט גע-צוווּנגען אויסחזרן די ווערטער פון אידיאָטישע דייטשע סענטימענטאַלע לידער.

דער הויפּט-קאָמענדאַנט פונעם לאַגער האָט אין איינער אַ פּאַרטיע אָפּגעקליבן עטלעכע קינדער, דערהרגעט זייערע עלטערן, האָט ער די קינ-דער אָנגעטון אינעם שענסטן און אינעם בעסטן, האָט זיי געקאָרמעט מיט אַלדאָס גוטס, זיך געשפּילט מיט זיי, און דערנאָך, אין עטלעכע טעג אַרום, ווען די שפּיל איז אים מיאוס געוואָרן, האָט ער באַפוילן די קינדער דער-הרגענען.

איינע פון די הויפּט-פאַרוויילונגען איז געווען גוואַלד-טאַטן און איז-דיעקענישן איבער יונגע שיינע פרויען און מיידלעך, וועלכע מען פלעגט אָפּקלייבן אין יעדער פּאַרטיע פון די פאַראורטיילטע. אויף מאָרגן אין דער פרי פלעגן די שענדער אַליין אוועקפירן זיי אין דער „גאַזאָווניע".

אַזוי האָבן זיך פאַרווילט אין טרעבלינקע די ס.-ס.אָוּצעס, די באַזע פונעם היטלעריסטישן רעזשים און דער שטאָלץ פונעם פאַשיסטישן דייטש-לאַנד.

מען מוז אָנווייזן, אַז די דאָזיקע נפשות זענען כלל נישט געווען קיין מעכאַנישע אויספילער פון אַ פרעמדן ווילן. אַלע עדות שטרייכן אונטער דעם פאַר זיי אַלעמען געמיינזאַמען שטריך: די ליבע צו טעאָרעטישע באַ-טראַכטונגען, צו פילאָזאָפירן. אַלע האָבן זיי געהאַט אַ טבע צו האַלטן רעדעס פאַר די פאַראורטיילטע, זיך באַרימען פאַר זיי, דערקלערן דעם גראַנדיעזן זין און די באַדייטונג, וואָס עס האָט פאַר דער צוקונפט דאָס פאָרקומענדיקע אין טרעבלינקע. זיי זענען אַלע געווען טיף און אויפריכ-טיק איבערצייגט, אַז זיי טוען אַ וויכטיקע און נייטיקע אַרבעט. זיי האָבן

גענוי דערקלערט די מעלות פון זייער ראסע אין פארגלייך מיט אלע אנ-דערע, זיי האבן געהאלטן דרשות וועגן דייטשיש בלוט, דייטשן כאראק-טער, וועגן דער מיסיע פון די דייטשן. זייער גלויבן איז געווען פארמולירט אין היטלערס און ראזענבערגס ביכער, אין געבעלסעס בראשורן און אר-טיקלען.

אפגעארבעט און פארווײלט זיך אזוי, ווי ס'איז אויבן באשריבן, זענען זיי געשלאפן רואיק אן חלומות און קאשמארן. דאס געוויסן האט זיי נישט געפייניקט, דערפון האט זיי באפרייט היטלער. זיי האבן זיך פאר-נומען מיט גימנאסטיק, אפגעהיט ס'געזונט, געטרונקען מילך, שטארק גע-זארגט וועגן זייערע שטייגער-באקוועמלעכקייטן, איינגעארדנט ארום זייע-רע הייזער גערטנדלעך מיט שיינע בלומען. זיי פלעגן אפט, צו עטלעכע מאל א יאר, פארן קיין דייטשלאנד אין אורלויב, ווייל זייערע באלעבאטים האבן געהאלטן זייער „צעך" פאר א גאנץ שעדלעכן און האבן געזען אפ-היטן זייער געזונט. אין דער היים זענען זיי געגאנגען מיט פאריסענע קעפ און האבן געשוויגן וועגן זייער ארבעט נישט דערפאר, ווייל זיי האבן זיך מיט איר געשעמט, נאר ווייל אזא איז געווען די פארארדענונג, און ווען זיי פלעגן אין אוונט גיין געארעמט מיט זייערע פרויען אין קינא און האבן דארט הויך געלאכט, טופענדיק מיט די אונטערגעשמידטע שטיוול, איז זיי שווער געווען צו אונטערשיידן פון געוויינלעכע מענטשן.

דער זומער 1943 איז אין יענע מקומות געווען אן אויסערגעוויינלעך הייסער. לאנגע וואכן אן רעגן און ווינט. די ארבעט פון פארברענען די מתים איז געווען אין סאמע ברען. שוין ביי א זעקס חדשים האבן טאג ווי נאכט געברענט די אויוונס, און פארברענט איז געווען ערשט עטוואס מער ווי א העלפט פון די דערהרגעטע.

די ארעסטירטע, וואס האבן געארבעט ביים פארברענען מתים, פלעגן נישט אויסהאלטן די שוידערלעכע פיזישע און מאראלישע ליידן, טאג-טעגלעך פלעגן באגיין זעלבסטמארד 15-20 מענטשן. פיל פון זיי האבן גע-זוכט דעם טויט דורך ברעכן די דיסציפלינארע כללים.

„באקומען א קויל איז געווען א לוקסוס" — האט מיר דערציילט א בחור, וואס איז אנטלאפן פון לאגער. א סך מענטשן האבן געזאגט, אז

זיין אין טרעבלינקע פאַראורטיילט צו לעבן איז פיל שרעקלעכער, ווי זיין פאַראורטיילט צו טויט.

דעם שלאַק און דעם אַש פלעגט מען ארויספירן הינטער דער לאַגער-צאַם. די פויערים פון דאָרף וואָלקע, מאָביליזירטע דורך די דייטשן, האָבן אָנגעלאָדן דעם אַש און דעם שלאַק אויף פורן און האָבן עס אויסגעשאָטן לענגאויס דעם וועג, וואָס האָט געפירט פאַרביי דעם טויט-לאַגער צום פוילישן שטראָף-לאַגער. ארעסטירטע קינדער האָבן מיט לאָפּעטעס אויסגעשאָטן און אויסגעגלייכט דעם אַש איבערן וועג. טיילמאָל פלעגן זיי געפינען אינעם אַש צונויפגעשמאָלצענע גאָלדענע מטבעות, צונויפגעשמאָלצענע גאָלדענע ציין. די קינדער האָט מען גערופן „קינדער פון שווארצן וועג".

דער דאָזיקער וועג איז פון אַש געווען שווארץ ווי א טרויער-סטענגע. די רעדער פון מאַשינעס האָבן עפּעס אויף א ספּעציעלן אופן גערוישט איבער דעם דאָזיקן וועג, און ווען איך בין געפאָרן איבערן וועג, האָט זיך פון אונטער די רעדער די גאַנצע צייט געהערט א טרויעריקער רויש, א שטילער, ווי עמעץ וואָלט זיך נישט דרייסט קלאָגן. די דאָזיקע שווארצע טרויער-סטענגע פון אַש, וואָס האָט זיך צווישן וועלדער און פעלדער געצויגן פונעם טויט-לאַגער צום פוילישן לאַגער, איז געווען ווי א מין טראַגישער סימבאָל פון דעם שרעקלעכן געמיינזאַמען גורל פון אַלע פעלקער, וואָס איבער זיי האָט פאַרהויבן זיין האַק דאָס היטלעריסטישע דייטשלאַנד.

די פויערים האָבן געפירט דעם אַש און דעם שלאַק פון פרילינג 1943 ביז זומער 1944. יעדן טאָג פלעגן צו דער ארבעט ארויספאָרן צוואַנציק פורן, יעדע פון זיי פלעגט 6-8 מאָל א טאָג אָנלאָדן צו זיבן-אַכט פוד אַש און שלאַק.

אין דעם ליד „טרעבלינקע", וואָס די דייטשן האָבן געצוווּנגען זינגען די 800 יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט ביים פאַרברענען די מתים, זענען פאַראַן ווערטער וועגן דעם, אַז מען מוז זיין הכנעהדיק און פאָלגעוודיק. דערפאַר האָט מען אָט די ארבעטער צוגעזאָגט „א קליין, קליין גליק, וואָס שווינדלט פאַרביי אויף איין, איין רגעלע". און וואונדערבאַר, אינעם לעבן פון טרעבלינקער גיהנום איז ווירקלעך געווען איין גליקלעכער טאָג. די דייטשן האָבן אָבער א טעות געהאַט, נישט הכנעה און פאָלגעוודיקייט האָבן

געשאַנקען דעם דאָזיקן טאָג די טויט-פּאַראָורטיילטע פון טרעבלינקע. די
געוואַגטקייט פון דרייסטע האָט געבוירן אָט דעם טאָג. ביי די אַרעסטירטע
יידן איז אַנטשטאַנען אַ פּלאַן פון אַן אויפשטאַנד. אַלע זענען זיי געווען
טויט-פּאַראורטיילטע, יעדער טאָג פון זייער לעבן איז געווען אַ טאָג פון
ליידן און פּיין. קיין איינעם פון זיי, די עדות פון די שווידערלעכסטע פאַר-
ברעכנס, וואָלטן די דייטשן נישט געשאַנעוועט, אויף זיי אַלעמען האָט גע-
וואַרט די „גאַזאָווניע”. מען פלעגט זיי טאַקע נאָך אַ פּאָר טעג אַרבעט
אָוועקשיקן אַהין, פאַרבייטנדיק זיי מיט נייע פון די אָרדנטלעכע פּאַרטיעס.
בלויז עטלעכע צענדליק מענטשן האָבן געלעבט נישט קיין שעהן און טעג,
נאָר וואָכן און חדשים — קוואַליפיצירטע מייסטערס: בויער, סטאָליערס,
ווי אויך בעקערס, שניידערס, שערערס, וואָס האָבן באַדינט די דייטשן.
אָט זיי האָבן עס געשאַפן דעם אויפשטענדלער-קאָמיטעט. פאַרשטייט זיך,
אַז נאָר טויט-פּאַראורטיילטע און נאָר מענטשן, אַרומגעכאַפּטע מיטן געפיל
פון ביטערער נקמה און אומגעהייערן האַס, האָבן געקאָנט שאַפן אַזאַ משו-
גענעם אויפשטאַנד-פּלאַן. זיי האָבן נישט געוואָלט אַנטלויפן, ביז זיי וועלן
נישט פאַרניכטן טרעבלינקע. און זיי האָבן זי פאַרניכטעט. אין די אַרבע-
טער-באַראַקן האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן געווער: העק, היי-גאָפּלען, פלע-
קענער. מיט וואָס פּאַר אַ פּרייז, מיט וואָס פאַר אַ ווילדער ריזיקע איז גע-
ווען פאַרבונדן דאָס קריגן יעדע האַק און יעדן מעסער! וויפל אויסערגע-
וויינלעכער געדולד, כיטרעקייט און פלינקייט האָט מען געדאַרפט אַרויס-
ווייזן, כדי אויסצובאַהאַלטן דאָס אַלץ פון די אונטערזוכונגען. עס זענען
געשאַפן געוואָרן רעזערוון בענזין אויף צו באַגיסן און אונטערצוציינדן די
לאַגער-געביידעס. ווי אַזוי פלעגט זיך אָנזאַמלען אָט דער בענזין און וווהין
פלעגט ער נעלם ווערן? דאָס האָט געקאָסט איבערמענטשלעכע אָנשטרענ-
גונג פון כוחות, שכל, ווילן, דערצו האָט מען געדאַרפט אַרויסווייזן אומ-
געהייערע געוואַגטקייט. ענדלעך האָט מען זיך אונטערגעגראָבן אונטער דעם
אַרסענאַל. אויך דאָ האָט די געוואַגטקייט געהאָלפן די מענטשן, דער גאָט
פון דרייסטקייט האָט זיי באַשירעמט. פון אַרסענאַל האָט מען אַרויסגע-
טראָגן צוואַנציק האַנט-גראַנאַטן, אַ קוילנוואַרפער, קאַראַבינען, פּיסטאָ-
לעטן. דאָס אַלץ איז פאַרשוונדן אין די באַהעלטענישן, וואָס די פאַרשווע-
רער האָבן זיך איינגעטיילט אין פינפטלינגען. דער קאָלאָסאַלער קאָמפּלי-

צירטער פּלאַן פונעם אויפשטאַנד איז פונאַנדערגעאַרבעט געוואָרן ביז די קלענסטע פּרטים. יעדער פינפטלינג האָט געהאַט זיין פינקטלעכע אויפגאַבע. און יעדע אויפגאַבע איז געווען אַ משוגעת. אייניקע איז אָנגעטרויט געוואָרן שטורעמען די טורעמס, ווו עס זענען געזעסן וואַכלייט מיט קוילנוואַרפערס. אַנדערע האָבן געדאַרפט אומגעריכט אַטאַקירן די וואַכלייט, וואָס האָבן אַרומגעמאַרשירט ביי די דורכגענג צווישן די לאַגער-פעלצער. נאָך אַנדערע ווידער האָבן געזאָלט אַטאַקירן די פּאַנצער-מאַשינעס. די פערטע האָבן גע-זאָלט איבערשניידן די טעלעפאָן-פאַרבינדונג. די פינפטע — אָנפאַלן אויף די קאַזאַרמעס. די זעקסטע האָבן געזאָלט מאַכן דורכגענג דורך דעם שטע-כיקן דראָט. די זיבעטע האָבן געדאַרפט איינאָרדענען אַ בריק דורך די קעגנטאַנק-רויען. די אַכטע — באַגיסן מיט בענזין די געביידעס און אונ-טערצינדן. די ניינטע —צעשטערן אַלץ, וואָס מען האָט נאָר געקענט צע-שטערן.

עס איז אַפילו פאַראויסגעזען געווען ווי אַזוי צו באַזאָרגן מיט געלט די אַנטלאָפענע. דער וואַרשעווער דאָקטאָר, וואָס האָט געקליבן דאָס געלט, האָט שיעור-שיעור נישט דורכגעוואָרפן די גאַנצע זאַך. איינמאָל האָט דער שאַרפירער באַמערקט, אַז פון דעם דאָקטאָרס הויזן-קעשענע שטעקט אַ גראָב פּעקל געלט — דאָס איז געווען די אָרדנטלעכע פּאַרציע געלט, וואָס דער דאָקטאָר האָט זיך געקליבן באַהאַלטן אינעם באַשטימטן אָרט. דער שאַרפירער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער האָט קיין זאַך נישט באַ-מערקט און האָט גלייך געמאָלדן וועגן דעם קורט פראַנצן. דאָס איז, פאַר-שטייט זיך, געווען אַן אויסערגעוויינלעכע געשעעניש. פראַנץ איז אַוועק פערזענלעך אויספרעגן דעם דאָקטאָר. ער האָט גלייך חושד געווען, אַז דאָ איז עפּעס נישט גלאַטיק. טאַקע אַזוי, צו וואָס דאַרף אַ טויט-פאַראורטייל-טער געלט?

פראַנץ איז צוגעטראָטן צום פאַרהער זיכער און אָן איילעניש. גע-ווים זענען אויף דער וועלט געווען זייער ווייניק מענטשן, וואָס האָבן גע-קאָנט אָנווענדן אַזוינע פיייניקונגען ווי ער. און ער איז זיכער געווען, אַז אויף דער גאַנצער ערד וועט זיך נישט געפינען קיין איין מענטש, וואָס זאָל קאָנען ביישטיין קעגן די פייניקונגען, וואָס ער, דער הויפטמאַן קורט

פראַנץ, האָט אין זיין רשות. דער וואַרשעווער דאָקטאָר האָט אָבער געמאַכט צום נאַר דעם ס.-ס.־ישן הויפּטמאַן. ער האָט איינגענומען סם. איינער פון די אָנטיילנעמער פונעם אויפשטאַנד האָט דערציילט, אַז אין טרעבלינקע האָט מען נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געפּרוווט ראַטעווען אַ מענטשן דאָס לעבן, ווי דאָס מאָל. ווייזט אויס, פראַנץ האָט בחוש פאַרשטאַנען, אַז דער שטאַרבנדיקער דאָקטאָר טראָגט אַוועק מיט זיך אַ וויכטיקע געהיימניש. דייטשער סם ווירקט אָבער זיכער, און דער סוד איז געבליבן אַ סוד.

סוף יולי איז געוואָרן מוראַדיק הייס. ווען מען פלעגט עפענען די קברים, פלעגט פון זיי, ווי פון גיגאַנטישע קעסלען, גיין אַ דאַמף. די אויס־געפייניקטע מענטשן, וואָס האָבן געשלעפּט די טויטע, זענען אַליין גע־פאַלן טויט אויף די גראַטעס פון די אויוונס. מיליאַרדן שווערע אָפּגעפרע־סענע פליגן האָבן פאַרפולט די לופט. מען האָט געהאַלטן אין פאַרברענען די לעצטע הונדערט טויזנט מתים.

דער אויפשטאַנד איז געווען באַשטימט אויפן 2טן אויגוסט. דער אָפּגערעדטער סיגנאַל איז געווען אַ שאָס פון אַ רעוואָלווער. די פאָן פון דערפאָלג האָט באַשירעמט די אויפשטענדלער. אין הימל אַריין האָט אַ זעץ געטון אַ נייער פלאַם, נישט דער שווערער, אין פעטן רויך איינגעהיל־טער פלאַם פון ברענענדיקע מתים, נאָר דער העלער שטורמישער פלאַם פון שׂרפה. עס האָבן זיך אָנגעכאַפּט די לאַגער־געביידעס. און די אויפ־געשטאַנענע האָט זיך געדאַכט, אַז די זון אַליין האָט צעריסן איר קער־פּער אויף שטיקער און ברענט איבער טרעבלינקע, ריכט אָפּ דעם יום־טוב פון פרייהייט און ערע.

עס האָבן זיך צערעדט קאַראַבינען. פאַרכלינענדיק זיך פון פרייד, האָבן אָנגעהויבן שטעפּן די קוילנוואַרפערס אויף די טורעמס, וועלכע עס האָבן פאַרכאַפּט די אויפשטענדלער. פייערלעך, ווי גלעקער פון אמת, האָבן אַ הודע געטון די האַנט־גראַנאַטן. די לופט האָט זיך אויפגעטרייסלט פון אַ טראַסקעריי און פון אַ קנאַלעריי. עס זענען איינ־געפאַלן געביידעס, דאָס פייפן פון די קוילן האָט פאַרטויבט די הודעניש פון די מתים־פליגן. אין דער קלאָרער און לויטערער לופט האָבן געשווינדלט פאַרבלוטיקטע העק. אינעם טאָג פון 2טן אויגוסט האָט זיך אויף דער ערד

פונעם טרעבלינקער גיהנום פאַרגאָסן דאָס בייזע בלוט פון די ס.-ס.אָווצעס. און עס האָט אויסגעזען ווי אַליין דער שיינענדיקער בלויער הימל וואָלט טריאומפירן און פייערן דעם טאָג פון צעצאָלונג.

און דאָ האָט זיך מער ווי ערגעץ אַנדערש אַרויסגעוויזן, וואָס עס שטעלן מיט זיך פאָר די פאַרשטייער פון דער „העכערער" ראַסע, די נפשות, וואָס פלעגן אַזוי דונערדיק באַפעלן אַ המון הילפלאָזע, אומבאַוואָפנטע מענטשן „אַכטונג! די היט אראָפּ!", די נפשות, וואָס האָבן מיט גרויליקע, דערשיטערנדיקע שטימען פון הארן אַרויסגערופן די וואַרשעווער אייגוויי-נער פון זייערע הייזער צום טויט: „אַלע אַרויס!", די דאָזיקע נפשות, וואָס זענען געווען אַזוי זיכער אין זיך, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן הרגענען מיליאָנען פרויען און קינדער, איז ווען עס איז דערגאַנגען צו אַן אמתן טויט-געשלעג, האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן פאַר קליינלעכע פחדנים. זיי האָבן זיך פאַרלוירן, זיי האָבן זיך געוואָרפן, ווי שטשורעס, זיי האָבן פאַרגעסן וועגן דער טייוולאָניש דורכגעטראַכטער סיסטעם פון דער פאַר-טיידיקונג פון טרעבלינקע, וועגן דעם פאַר פריער אָנגעגרייטן אַלץ איינ-שלינגענדיקן פלאַם, זיי האָבן פאַרגעסן וועגן זייער געווער. נאָר צי איז כדאַי וועגן דעם צו רעדן און דאָס צו באַוואונדערן?

אין דריטהאַלבן חדשים אַרום, דעם 14טן אָקטאָבער 1943, איז פאָרגעקומען אַן אויפשטאַנד אין דער סאָביבורער טויט-פאַבריק, אַן אָר-גאַניזירטער דורך אַ סאָוועטישן קריג-געפאַנגענעם אַ פּאָליטרוק פון ראָס-טאָוו, מיטן נאָמען סאַשקאָ. אויך דאָרט האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעל-בע, וואָס אין טרעבלינקע: מענטשן האַלב טויטע פון הונגער האָבן זיך געספּראַוועט מיט הונדערטער אויסוווּרפן ס.-ס.אָווצעס, פאַרלאָפענע מיט פעטס פון אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט. די אויפשטענדלער האָבן מיט דער הילף פון העק, אויסגעקאָוועטע אין די לאַגער-קוזניעס, מיט דינעם זאַמד, וואָס סאַשקאָ האָט געהייסן פאַרגרייטן אין די קעשענעס אויף צו שיטן די וועכטער אין די אויגן — אָט מיט דעם געווער האָבן זיי זיך אַן עצה גע-געבן מיט דער וואַך.

ווען עס האָט זיך אָנגעכאַפּט טרעבלינקע, און די אויפשטענדלער האָבן אין שווייגעניש זיך אָפּגעזעגנט מיטן אַש פונעם פאָלק און זענען אַוועק הינטער די דראָטן, האָבן זיך פון אַלע זייטן אַ לאָז געטון ס.-ס.ישע

און פּאָליציייאישע טיילן פאַרפאַלגן די אוועקגייענדיקע. נאָך זיי זענען גע־לאָזן געוואָרן הונדערטער פּאָליציי-הינט. די דייטשן האָבן מאָביליזירט די אוויאַציע. די שלאַכטן זענען געגאַנגען אין די וועלדער, אין די זומפּן, און בלויז געציילטע מענטשן פון די אויפשטענדלער האָבן דערלעבט ביז איצט.

נאָכן 2טן אויגוסט האָט טרעבלינקע אויפגעהערט צו עקזיסטירן. די דייטשן האָבן פאַרברענט די געבליבענע מתים, צענומען די געמויערטע געביידעס, אַראָפּגענומען די דראָטן, פאַרברענט די הילצערנע באַראַקן, וואָס די אויפשטענדלער האָבן נישט באַוויזן אונטערצוצינדן. עס איז אויפגעריסן און טיילווייז אַוועקגעפירט געוואָרן די אויסשטאַטונג פון דער טויט-געביידע, מען האָט פאַרניכטעט די אויוונס, אַרויסגעפירט די עקס־קאַוואַטאָרן, די קאָלאָסאַלע אָנצאָליקע רויען זענען פאַרשאָטן געוואָרן מיט ערד, ביזן לעצטן שטיין איז צענומען געוואָרן די געביידע פונעם וואָקזאַל, לסוף זענען צענומען און אַרויסגעפירט געוואָרן די אייזנבאַן-ליניעס. אויף דער טעריטאָריע פון לאַגער האָט מען פאַרזייט לובין און עס האָט אַוועק־געשטעלט זיין הייזל דער קאָלאָניסט סטרעבען. איצט איז נישטאָ אויך דאָס דאָזיקע הייזל. מען האָט עס פאַרברענט.

וואָס האָבן די דייטשן דערמיט געוואָלט דערגרייכן? באַהאַלטן די שפּורן פון דער שחיטה — פון די מיליאָנען מענטשן, וואָס זענען דער־הרגעט געוואָרן אין טרעבלינקער גיהנום? ווי איז עס אָבער מעגלעך? צי קאָן מען צווינגען צו שווייגן די טויזנטער מענטשן, וואָס זאָגן עדות וועגן דעם, ווי אַזוי פון גאַנץ אייראָפּע זענען געגאַנגען עשעלאָנען מיט טויט־פאַראורטיילטע צום אָרט פון דער קאָנווייער-שחיטה? צי קאָן מען אויס־באַהאַלטן דעם טויטן, שווערן פלאַם און דעם רויך, וואָס זענען אַכט חדשים בייטאָג און ביינאַכט געהאנגען אין הימל פאַר די אויגן פון די איינוווינער פון צענדליקער דערפער און שטעטלעך? צי קאָן מען אַרויסרייסן פון זיכרון, צווינגען פאַרגעסן דעם שוידערלעכן יאָמער-געשריי פון די פרויען און קינדער, וואָס פלעגט אַרויסטרייבן די פּויערים פונעם דאָרף וואָלקע אין וואַלד אַריין? ווער קאָן צווינגען צו שווייגן די פּויערים, וואָס האָבן אַ יאָר צייט נאָכאַנאַנד געפירט מענטשלעך אַש פון לאַגער אויף די אַרו־מיקע וועגן? ווער קאָן צווינגען שווייגן די לעבן געבליבענע עדות פון דער אַרבעט פונעם טרעבלינקער שעכטהויז, זינט עס איז אַנטשטאַנען ביזן

לעצטן טאָג פון זיין עקזיסטענץ, די עדות, וואָס דערציילן אַלע איינס און דאָס זעלבע וועגן יעדן ס.-ס.אָוועץ און וואכמאַן, עדות, וועלכע שטעלן אויף שריט נאָך שריט, שעה נאָך שעה דעם טרעבלינקער טאָגבוך? צו זיי קאָן מען שוין נישט קיין געשריי טון „די היט אראָפּ!". זיי קאָן מען שוין נישט אוועקפירן אין דער „גאַזאָווניע", דאָ קאָן שוין מער קיין זאַך נישט העלפן הימלערן, און שוין אוודאי און אוודאי נישט זיינע געהילפן, וועלכע זיצן איצט פאר אונדז מיט נידעריק-אראָפּגעלאָזטע קעפּ, צופּן מיט די ציטערנדיקע פינגער די פאָלעס פון זייערע רעקלעך און דערציילן מיט אַ נודנער, געמאָסטענער שטים די געשיכטע פון זייערע פאַרברעכנס, וואָס זעט אוים ווי אַ משוגעת און ווי היץ-רייד פון אַ קראַנקן.

אַ סאָוועטישער אָפיציר מיט אַ גרין בענדל פון דעם סטאַלינגראַדער מעדאַל פאַרשרייבט אַ בויגן נאָך אַ בויגן די באַווייזן פון די מערדער. און ביי דער טיר שטייט אויך מיט צונויפגעדריקטע ליפּן אַ וועכטער. און אויף דער ברוסט ביי אים איז אויך אַ סטאַלינגראַדער מעדאַל, און זיין דאַר טונקל פּנים איז הארב און שטרענג. דאָס איז דאָס פּנים פון דער פאָלקס-גערעכטיקייט.

די סטאַלינגראַדער זענען געקומען קיין טרעבלינקע. קורץ איז גע-ווען דער וועג פון וואָלגע ביז דער ווייסל. און איצט וויל די טרעבלינקער ערד אַליין נישט זיין קיין אָנטיילנעמער אין די פאַרברעכנס, וואָס עס זע-נען באַגאַנגען די אויסוואורפן. זי רייסט אַרויס פון זיך די ביינער, די זאַכן פון די דערהרגעטע, וואָס די היטלעריסטן האָבן געפּרוווט באַהאַלטן, אום צו פאַרווישן די שפּורן פון די פאַרברעכנס.

---

מיר זענען געקומען אין טרעבלינקער לאַגער אָנהייב סעפּטעמבער 1944, דאָס הייסט, אין 13 חדשים אַרום נאָכן טאָג פון אויפשטאַנד. 13 חדשים האָט געאַרבעט די קאָנווייער-שחיטה. דרייצן חדשים האָבן די דייטשן געפּרוווט צו פאַרווישן די שפּורן פון איר אַרבעט.

שטיל. קוים עס באַוועגן זיך די קרוינען פון די סאָסנעס, וואָס שטייען לענגאוים דער אייזנבאַן. אָט אויף די סאָסנעס, אויף דעם זאַמד,

אויף דעם אַלטן פּניאַק האָבן געקוקט מיליאָנען מענטשלעכע אויגן פון די וואַגאָנעס, וואָס זענען לאַנגזאַם צוגעפאָרן צום פעראָן. שטיל רוישט דער אַש און דער צעמאַלענער שלאַק אויפן שוואַרצן וועג, וואָס איז אַרומגע-לייגט מיט ווייס-געפאַרבטע שטיינער.

מיר גייען אַריין אין לאַגער, מיר גייען איבער דער טרעבלינקער ערד. די סטרוקעס פונעם לובין פּלאַצן ביי דער קלענסטער באַרירונג, פּלאַצן מיט אַ לייכטן קלינגען. מיליאָנען אַרבעסלעך פאַלן אויף דער ערד. דער קלאַנג פון די פאַלנדיקע אַרבעסלעך, דער קלאַנג פון די פּלאַצנדיקע סטרו-קעס גיסט זיך צונויף אין אַ דורכאויסיקער, טרויעריקער און שטילער מע-לאָדיע. עס דאַכט זיך, אַז פון דער סאַמע טיפעניש פון דער ערד דער-טראָגט זיך דער קבר-קלאַנג פון קליינינקע גלעקעלעך, קוים צו הערן, טרויע-ריק און רואיק. און די ערד וואַקלט זיך אונטער די פיס, אַ פוכקע, אַ פע-טע, ווי זי וואָלט זיין באַגאָסן מיט אייל, די ערד פון טרעבלינקע.

די ערד שפייט אַרויס פון זיך צעמאַלענע ביינדלעך,ציין, זאַכן, פּאַ-פּירן, זי וויל נישט איינשלינגען די געהיימניש.

און די זאַכן קריכן אַרויס פון דער צעפּלאַצטער ערד, פון אירע נישט פאַרהיילטע ווונדן. אָט זענען זיי — די האַלב-צעפוילטע העמדער פון די דערהרגעטע, הויזן, שיך, גרין-געוואָרענע פּאַרטסיגאַרן, רעדעלעך פון האַנט-זייגערס, מעסערלעך, גאָל-מכשירים, לייכטערס, קינדערשע שיכלעך מיט רויטע פּאָמפּאָנען, האַנטעכער מיט אוקראַינישע מוסטערן, געהאַפּטן וועש, שערלעך, פינגערהוטן, קאָרסעטן, באַנדאַזשן. און ווייטער קריכן פון דער ערד אויף דער אויבערפלאַך בערג געפעס: סקאָווורעדעס, אַלומינעווע פענד-לעך, פענדעלעך, טעפּעלעך, בידאָנען, קינדערשע טעצלעך פון פּלאַסט-מאַסע... און ווייטער גייען אַרויס פון דער אָנגעפּוישטער ערד, פונקט ווי עמעצנס אַ האַנט וואָלט אַרויפגעשטופּט אויף דער אויבערפלאַך אַלץ, וואָס די דייטשן האָבן געוואָלט באַהאַלטן, גייען אַרויס אויף דער אויבערפלאַך האַלב צעפוילטע סאָוועטישע פּעסער, נאָטיץ-ביכלעך אויף בולגאַריש, קינ-דערשע פּאָטאָגראַפיעס פון וואַרשע און ווין, בריוו מיט אַ קינדערשן כתב, ביכעלעך לידער, אַ תפילה, פאַרשריבן אויף אַ געל שטיקל פּאַפּיר, פּראָ-דוקטן-קאַרטלעך פון דייטשלאַנד... און אומעטום הונדערטער פלאַקאָנען און פיצינקע געטאָקטע פלעשעלעך פון פּאַרפום — גרינע, ראָזע, בלויע...

און איבער דעם אַלעמען אַ שרעקלעכער עיפּוש פון פוילונג. עס האָבן אים נישט געקאָנט באַזינגען נישט דאָס פייער, נישט די זון, נישט די רעגנס, נישט דער שניי, נישט די ווינטן. און הונדערטער קליינע וואַלד-פליגן פליען אַרום איבער די האַלב-פאַרפוילטע זאַכן, פּאַפּירן, פאָטאָגראַפיעס.

מיר גייען אַלץ ווייטער איבער דער זיך וואַקלעדיקער ערד, און פּלוצ-לינג שטעלן מיר זיך אָפּ. רויטע, ווי מעש, פלאַקערנדיקע געקרייזלטע גע-דיכטע האָר, דינע, לייכטע, ווונדער-שיינע האָר פון אַ מיידל, פאַרטאָפּ-טשעטע אין דער ערד און בשכנות — העלע לאָקן, און ווייטער שוואַרצע, שווערע צעפּ אויפן העלן זאַמד, און ווייטער נאָך און נאָך — דאָס, וואָס איז געווען בלויז אין איין נישט אַרויסגעפּירטן פאַרגעסענעם זאַק האָר. דאָס איז אַלץ אמת! די ווילדע לעצטע האָפענונג, אַז דאָס איז אַלץ אַ חלום, איז צערונען.

און די סטרוקעס פונעם לובין קלינגען און קלינגען, עס פאַלן די אַרבעסלעך, פּונקט ווי פון אונטער דער ערד וואָלט זיך ווירקלעך דער-טראָגן דאָס קלינגען פון אַנצאָליקע קליינע גלעקער. און עס דאַכט זיך — דאָס האַרץ וועט זיך באַלד אָפּשטעלן, צונויפגעדריקט פון אַזאַ טרויער, פון אַזאַ צער, פון אַזאַ ווייטיק, וואָס אַ מענטש איז נישט אימשטאַנד אַרי-בערצוטראָגן.

---

זאָלן געלערנטע סאָציאָלאָגן, קרימינאַליסטן, פּסיכיאַטרען, פילאָזאָפן טראַכטן: וואָס-זשע איז דאָס אַזוינס, וואָס? — אָרגאַנישע שטריכן פונעם דייטשן פאָלק, ירושה, דערציאונג, סביבה, אויסערלעכע באַדינגונגען, היס-טאָרישע באַשטימונג, דער פאַרברעכערישער ווילן פון די אָנפירער? וואָס איז דאָס אַזוינס, ווי איז דאָס געשען? אומגעהייער גרויס איז דער טייך פונעם אומשולדיקן בלוט, וואָס די דייטשן האָבן פאַרגאָסן. און היינט איז ווייניק צו רעדן וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דייטשלאַנד פאַר דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען. היינט מוז מען רעדן וועגן דער פאַראַנט-וואָרטלעכקייט פון פעלקער און פון יעדן בירגער פון דער וועלט פאַר דער צוקונפט.

מיר דאַרפן געדענקען, אַז דער נאַציזם, דער פאַשיזם וועט אַרויס־טראָגן פון דער דאָזיקער מלחמה נישט נאָר די ביטערקייט פון דער מפּלה, נאָר אויך די זיסע דעראינערונגען וועגן לייכטע מאַסן־מאָרדן.

יעדער מענטש איז היינט מחויב פאַר זיין געוויסן, פאַר זיין קינד און פאַר זיין מוטער, פאַר זיין היימלאַנד און פאַר דער מענטשהייט מיטן גאַנצן כוח פון זיין נשמה און פון זיין שׂכל צו ענטפערן אויף דער פראַגע: וואָס האָט געבוירן דעם ראַסיזם, וואָס איז נייטיק, אַז דער נאַציזם, דער היטלעריזם זאָל קיינמאָל תחית־המתים נישט אויפשטיין נישט פון דער ערד, נישט פון יענער זייט אָקעאַן, אינערגעץ און קיינמאָל.

וועגן דעם דאַרף האַרב און טאָג־טעגלעך געדענקען יעדער איינער, וועמען עס איז טייער די ערד, די פרייהייט, דאָס לעבן פון אַלע פעלקער, פון דער גאַנצער מענטשהייט.

טייערער לייענער,

נאָך פאַר דיר פאַרלענגער איך מיין נעבעכדיק לעבן. פאַר מיר האָט עס פאַרלוירן יעדן רייץ. ווייל צי קען איך דען נאָך פריי אָטעמען און זיך פרייען מיט דעם אַלעם, וואָס די נאַטור האָט געשאַפן?

אָפט וועק איך זיך אויף אין מיטן נאַכט מיט שרעקלעכע קרעכצן. גע-שפענסטלעכע קאָשמאַרן רייסן איבער דעם אַזוי באַגערטן שלאָף. איך זע — טויזנטער סקעלעטן, זיי ציען צו מיר אויס זייערע טויטע הענט און בעטן רחמנות און לעבן. און איך — אַ באַגאָסענער מיט שווערע טראָפּנס שווייס — בין מאַכטלאָז זיי צו העלפן. איך הויב זיך האַסטיק אויף, רייב אויס די אויגן און פריי זיך, אַז עס איז בלויז אַ חלום. מיין לעבן איז פאַר-סמט. געשפענסטער פון טויט שוועבן פאַר מיר. קינדער, קינדער, און נאָך אַמאָל קינדער!

מיינע אַלע נאָענטסטע האָב איך געבראַכט פאַר אַ קרבן. איך האָב זיי אַליין געפירט צו דער שחיטה... איך האָב אַליין פאַר זיי געבויט טויט-קאַמערן.

איצט בין איך אַ היימלאָזער, אַלטער מאַן, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אָן משפחה, אָן נאָענטע. איך רעד צו זיך אַליין, איך דערציייל אַלץ זיך אַליין. איך בין נע-ונד. מיט שרעק גיי איך אַריין אין אַ מענטשלעכן ישוב. עס דאַכט זיך מיר, אַז אַלע מיינע איבערלעבונגען זענען אויסגעקריצט אויף מיין פנים. ווען איך דערזע זיך אין אַ טייך אָדער אַ פליסנדיקן קוואַל — קרימען מיין געזיכט אויס פחד און פאַרווונדערונג. צי בין איך ענלעך צו אַ מענטש? ניין, הונדערט מאָל ניין? באַוואַקסן, אָפּגעלאָזן, חרוב. הונ-דערט יאָרהונדערטער שלעפּ איך אויף מיינע פּלייצעס. עס איז מיר שווער. אוי וויי, ווי שווער! דאָך — דערווייל מוז איך שלעפּן דעם עול. **איך וויל און מוז עס דאָך טון**. איך, וועלכער האָב געזען דאָס פאַרניכטן פון דריי

דורות, מוז לעבן פאַר דער צוקונפט. די גאַנצע וועלט מוז זיך דערוויסן וועגן דער נידערטרעכטיקייט פון די באַרבאַרן. יאָרהונדערטער און דורות וועלן זיי פאַרדאַמען. און טאָקע איך מוז גורם זיין דערצו! אין דער דרייסטסטער פאַנטאַזיע וועט קיינער זיך נישט פאָרשטעלן די בילדער, וועלכע איך האָב געזען און איבערגעלעבט. קיין שום פעדער איז דאָס נישט אימשטאַנד צו באַשרייבן.

איך וויל אַלץ דערציילן ריכטיק און פּינקטלעך. זאָלן מענטשן וויסן! זאָל די גאַנצע וועלט וויסן, וואָס דאָס באַטייט „מערב-קולטור".

איך האָב געליטן, פירנדיק מיליאָנען צום אומקום, זאָלן מיליאָנען וועגן דעם וויסן. צוליב דעם לעב איך. דאָס איז מיין איינציקער ציל. אין איינזאַמקייט און שטילקייט באַטראַכט איך ווידעראַמאָל דאָס אַלץ איבער, וואָס איך האָב געזען און דערצייל עס ריכטיק. איינזאַמקייט און שטילקייט זענען מיינע טרייע פריינד. נאָר דאָס צווישערן פון פייגל באַגלייט מיך אין נאָכטראַכטן און אַרבעט.

טייערע פייגל, איר האָט מיך נאָך ליב. ווען נישט — וואָלט איר נישט געזונגען אַזוי פריילעך און וואָלט זיך נישט אַזוי שנעל צוגעוווינט צו מיר. איך האָב אייך ליב, ווי איך האָב ליב יעדע גאָטס באַשעפעניש. אפשר וועט איר מיך אויסהיילן, אפשר וועל איך נאָך אַמאָל קענען לאַכן.

אפשר וועט דאָס קומען נאָך דעם, ווי איך וועל ענדיקן מיין אַרבעט און פון אונדזערע פיס וועלן אַראָפּפאַלן די קייטן.

יאַנקל וויערניק

געשען איז עס דעם 23סטן אויגוסט 1942 אין ווארשע בעת דער בלאָקאַדע. איך האָב זיך געפונען ביי שכנים און שוין נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיך אומצוקערן אהיים. פון אַלע זייטן האָט מען געהערט ביקסן-שאָסן, אָבער מיר האָבן נישט געוווסט דעם גאַנצן ביטערן אמת. אונדזער שרעק איז פאַרגרעסערט געוואָרן מיטן אַריינקומען פון די דייטשע „שאַרפירערס"*) און די אוקראַאינישע „וואַכמענער". זיי האָבן מיט הויכע דראָענדיקע שטימען געשריען: „אַלע אַרויס". אויף דער גאַס האָט דער „שאַרפירער" אַלעמען אויסגעשטעלט אין די רייען. עס זענען געווען דאָרט צונויפגעטריבן מענטשן אָן אונטערשיד פון עלטער און געשלעכט. דער „שאַרפירער" האָט מיט פאַרגעניגן אויסגעפירט זיין אַרבעט. זיין פּנים האָט שמייכלענדיק געשטראַלט. אַ געשיקטער און פלינקער, איז ער אומעטום געווען. ער האָט אונדז באַטראַכט, סאָרטירט. זיין בליק האָט זיך געגליטשט איבער אַלעמענס פּנימער. מיט אַ סאַדיסטישן שמייכל האָט ער געקוקט אויף דעם גרויסן ווערק פון זיין גרויס פאָטערלאַנד, וועלכעס וועט מיט איין קלאַפּ אַראָפּרייסן דעם קאָפּ פון דער שעדלעכער שלאַנג.

מיין בליק פאַלט אויף זיין פּנים. ער איז דער נידערטרעכטיקסטער פון אַלע. אַ מענטשלעך לעבן איז פאַר אים גאָרנישט ווערט. עמיצן אין מוראַדיקסטע יסורים צו ברענגען דעם טויט — איז זיין גרעסטער פאַרגעניגן. פאַר זיינע „העלדישקייטן" איז ער שפּעטער געוואָרן אַן „אונטערשטורעמפירער".

נעהייסן האָט ער פראַנץ. ער האָט געהאַט אַ הונט באַרי, וועגן וועלכן איך וועל נאָך דערציילן. איך בין געשטאַנען אין דער ריי קעגנאיבער דעם

*) „שאַרפירער" — אַן אָנפירער פון אַ גרופּע ביי די דייטשע ס. ס.

הויז, ווו איך האָב געוווינט אויף וואָלינסקאַ גאַס. פון דאָרט האָט מען אונדז ארויסגעפירט אויף דער זאַמענהאָף גאַס.

אין אונדזער אָנוועזנהייט האָבן זיך די אוקראַינער געטיילט מיטן אָנגערויבטן האָב און גוטס. זיי האָבן אַלץ אויסגעפּאַקט און סאָרטירט און דערביי זיך געקריגט צווישן זיך.

נישט געקוקט דערויף, וואָס אויפן גאַס האָט זיך געפונען אַזאַ מאַסע מענטשן, האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. אַ שטומע און גרויזאַמע פאַרצווייפלונג האָט אַלעמען ארומגענומען. וואָס פאַר אַ רעזיגנאַציע! און דאָך — האָבן מיר נאָך אַלץ דעם פולן אמת נישט געוווּסט. מען האָט אונדז פאָטאָגראַפירט, ווי חיות פון פאַרן מבול. טייל זענען אפילו געווען צופרידן. איך אַליין האָב געהאַט אַ האָפענונג צוריקצוקומען אהיים. איך האָב געמיינט, אַז מען וועט אונדז בלויז לעגיטימירן.

לויט אַ באַפעל רירן מיר זיך פון אָרט. אַ שוידער נעמט אונדז ארום, מיר האָבן דערזען די נאַקעטע ווירקלעכקייט. —

וואַגאָנען, לײדיקע וואַגאָנען, אַ פרעכטיקער, ברענענדיקער זומערטאָג. עס דאַכט זיך אויס, אַז די זון בונטעוועט זיך קעגן דער אומגערעכטיקייט. וואָס זענען שולדיק אונדזערע פרויען, קינדער און מאַמעס? פאַרוואָס? די זון באַהאַלט זיך הינטער די וואָלקנס. זי איז הערלעך, ליכטיק און שטראַלנדיק, זי וויל נישט קוקן אויף אונדזער פּיין און דערנידערונג. קונג.

אַ באַפעל אריינצוגיין אין די וואַגאָנען. מען פּאַקט אָן צו 80 מענטשן אין אַ וואַגאָן. דער וועג אויף צוריק איז פאַרמאַכט. איך האָב געהאַט אויף זיך בלויז הויזן, אַ העמד און פּאַנטאָפל. אין דער היים איז איבערגעבליבן דער רוקזאַק מיט די צוגעגרייטע זאַכן און הויכע שטיוול. איך האָב דאָרט אַלץ צוגעגרייט, ווייל עס האָבן קורסירט קלאַנגען, אַז מען וועט אונדז ארויסשיקן אויף אַרבעט אין אוקראַינע. דער צוג איז אַראָפּ פון איין רעזערוו-ליניע אויף דער צווייטער. אזוי ווי איך האָב גוט געקענט דעם באַן-קנופּ, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מיר רירן זיך נישט פון אָרט. די אוקראַינער האָבן זיך דערווייל גוט געוויילט. צו אונדזערע אויערן זענען דערגאַנגען זייערע געשפּרעכן און הויכע געלעכטערס. אין וואַגאָן ווערט די לופט אַלץ מער שטיקנדיק, עס איז שווער צו כאַפּן דעם אָטעם.

האָפענונגלאָז, טרויעריק און שרעקלעך. מיין בליק האָט ארומגענומען אַלץ און אַלעמען און דאָך בין איך נישט געווען אימשטאנד צו באַנעמען די גרויס פון דעם אומגליק. איך האָב געגלויבט אין פיין און יסורים, אין נע-ונד זיין, אין הונגער — אָבער איך האָב נישט געגלויבט, אַז די אום-ברחמנותדיקע האַנט פון תליון הענגט איבער אונדז, איבער אונדזערע קינדער, איבער אונדזער גאַנצער עקזיסטענץ. אין גרענעצלאָזע יסורים פאָרן מיר צו צו מאַלקין. דאָרט זענען מיר געשטאַנען א גאַנצע נאַכט. אין וואַגאָן זענען אריין אוקראַינער. זיי האָבן געפאָדערט ווערטפולע חפצים. אַלע האָבן געגעבן, כדי אויף א קורצער ווײַלע צו ראַטעווען דאָס לעבן. איך האָב, ליידער, גאָרנישט געהאַט. ערשטנס — דערפאַר, וואָס איך בין אומגעריכט ארויס פון שטוב; צווייטנס — האָב איך בעת דער מלחמה אַלץ אויספאַרקויפט, כדי זיך צו דערהאַלטן ביים לעבן. איך האָב דאָן גאָרנישט פאַרדינט.

אין דער פרי האָט דער צוג געריירט פון אָרט. מיר זענען פאַרפאָרן צו דער סטאַנציע טרעבלינקע.

איך האָב באַמערקט א פאַרבייפאָרנדיקן צוג. אין אים האָבן זיך געפונען אָפּגעריסענע, האַלב-נאַקעטע אויסגעהונגערטע מענטשן. זיי האָבן עפּעס צו אונדז גערעדט — אָבער מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען. דער טאָג איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך הייסער, די לופט שרעקלעך שטיקנדיק. מיר זענען דעריבער געווען זייער דורשטיק. איך האָב ארויסגעקוקט דורכן פענצטער. פּויערים האָבן געבראַכט וואַסער און געפאָדערט 100 זלאָטעס פאַר א פלעשל וואַסער. איך האָב נישט געהאַט מער ווי 10 זלאָטעס, חוץ דעם אין זילבערנע מטבעות (מיטן בילד פון מאַרשאַל פילסודסקי) 2, 5 און 10 זלאָטעס, וועלכע איך האָב געהאַט באַהאַלטן אַלס אָנדענק. איך האָב זיך דערפאַר געמוזט אָפּזאָגן פון וואַסער.

אַנדערע האָבן יאָ געקויפט. פאַר א קילאָגראַם שוואַרץ ברויט האָט מען געצאָלט 500 זלאָטעס. ביזן מיטן טאָג האָט מיך געפּייניקט דער דורשט. דאַן איז אריינגעקומען דער שפּעטערדיקער הויפּט שטורעמפירער. ער האָט אויסגעקליבן 10 מענטשן, וועלכע האָבן אונדז געבראַכט וואַסער. איך האָב טיילווייז געשטילט מיין דורשט. מען האָט געהייסן באַזייטיקן די מתים. אַזעלכע זענען אָבער נישט געווען.

4 אזייגער נ. מ. האָט דער צוג געריוּרט פון אָרט און מיר זענען אריינגעפאָרן אין לאַגער — טרעבלינקע.

ערשט דאָרטן איז פון אונדזערע אויגן אראָפּגעפאַלן דער שלייער. אויף די דעכער פון די באראַקן זענען געשטאַנען אוקראַינער מיט ביקסן און מאַשין־געווער. דער פּלאַץ איז געווען באַדעקט מיט מתים. עס זענען געווען מתים — אָנגעטוענע און נאַקעטע. זייערע פּנימער זענען געווען אויסגעקרימט פון שרעק און שוידער. זיי זענען געווען שוואַרץ און געשוואָלן. די אויגן ברייט געעפנט, די צינגער אַרויסגעהאַנגען, דער מאַרך צעגאָסן, די קערפּערס פאַרקריפּלט. אומעטום בלוט. אונדזער אומשולדיק בלוט. דאָס בלוט פון אונדזערע קינדער, ברידער און שוועסטער. דאָס בלוט פון אונדזערע טאַטעס און מאַמעס. און מיר, שוצלאָזע, פילן, אַז מיר וועלן זיך פון אונדזער גורל נישט אַרויסדרייען. מיר וועלן אויך ווערן קרבנות. אָבער וואָס קען מען דערויף העלפן? אַך, ווען דאָס וואָלט נאָר געווען אַ וויסטער חלום!

אָבער ניין — דאָס איז די נאַקעטעווירקלעכקייט. לײדער, איז דאָס די אַזוי גערופענע דעפּאָרטאַציע — דעפּאָרטאַציע אויף יענער וועלט — באַגלייט דורך טויזנטער פּיין און יסורים.

זיי הייסן אויסשטייגן פון די וואַגאָנען, די פּעקלעך איבערלאָזן. מען פירט אונדז אַרויס אויפן הויף. פון ביידע זייטן זענען געשטאַנען באַראַקן. עס זענען געווען צוויי גרויסע טאָוולען מיט אויפשריפטן, אַז מען זאָל אַוועקגעבן דאָס געלט, זילבער, בריליאַנטן, געלט און ווערטפולע חפצים. אויב נישט — דראָט טויט. אויף די דעכער זענען געשטאַנען אוקראַינער מיט מאַשין־געווער. פרויען און קינדער האָבן זיי געהייסן גיין לינקס, די מענער האָבן זיי געהייסן זיך זעצן אויף דער רעכטער זייט. פון דער ווייטנס זענען געשטאַנען מענטשן און געאַרבעט. זיי האָבן צונויפגעלייגט די פּעקלעך, וועלכע מען האָט אַרויסגענומען פון די וואַגאָנען. איך האָב זיך אַריינגעגנבעט צווישן די, וועלכע האָבן געאַרבעט און אָנגעהויבן טון די זעלבע אַרבעט. איך האָב באַקומען דעם ערשטן זעץ מיט אַ נאַגייקע פון דעם דייטש, וועלכן מען האָט גערופן פראַנקענשטיין. פרויען און קינדער האָט מען געהייסן זיך אויסטון. וואָס מען האָט מיט די מענער געטון האָב איך נישט באַמערקט, מער האָב איך זיי שוין נישט געזען. פאַר זון־אונ־

טערגאַנג איז געקומען נאָך אַ צוג פון מעזריטש. אין דעם צוג זענען גע-
ווען 80 פּראָצענט מתים. מיר האָבן זיי אָנגעהויבן ארויסצוטראָגן.

מען האָט אונדז געשלאָגן אָן רחמנות ביז שפּעט ביינאכט. מיר האָבן געענדיקט די ארבעט. איך האָב געפרעגט איינעם פון די, וואָס האָט גע-ארבעט: „וואָס באטייט דאָס אלץ?" יענער האָט מיר געענטפערט: — מיט וועמען מען רעדט היינט, דערלעבט שוין נישט מאָרגן. מיר וואַרטן אין שפּאַנונג און פּחד. נאָך אַ געוויסער צייט האָט מען אונדז געהייסן זיך אויסשטעלן אין אַ האַלבקרייז. עס איז צו אונדז צוגעגאַנגען דער „שאַר-פירער" פראַנץ מיטן הונט און אַן אוקראַינער מיט אַ מאשין-ביקס. מיר זענען געווען 500 פּערזאָן. מיר שטייען שטומע אין שפּאַנונג. זיי האָבן אויסגעקליבן פון אונדזער גרופּע אַן ערך 100 מענטשן. זיי שטעלן אונדז אויס אין פינפטלעך, פירן אונדז אוועק ווייטער און הייסן אונדז זיך שטעלן אויף די קני. איך בין געווען צווישן די אויסגעקליבענע. מיר הערן דאָס קנאַלעריי פון די מאשין-ביקסן, דאָס קרעכצן און געשרייען פון די דער-שאָסענע. איך האָב זיי שוין קיינמאָל מער נישט געזען. מען האָט אונדז אַריינגעטריבן אין די באַראַקן, שלאָגנדיק אונדז אומאויפהערלעך מיט נאַ-גייקעס און קאָלבעס פון ביקסן. אין באַראַק איז פינצטער, נישטאָ קיין פּאָדלאָגע. איך האָב זיך אוועקגעזעצט אויפן זאַמד און איינגעדרימלט.

צומאָרגנס האָט מען אונדז אויפגעוועקט מיט אַ הילכיקן געשריי — „אויפשטיין". מיר האָבן זיך תיכף געשטעלט אויף די פיס און אָנגעהויבן ארויסגיין פון באַראַק אויפן הויף. די געשרייען פון די אוקראַינער האָבן געהילכט פון אַלע זייטן. אויפן גאַנצן וועג האָבן די „שאַרפירער" אונדז געשלאָגן מיט נאַגייקעס און קאָלבעס פון די ביקסן. מען האָט אונדז גע-הייסן זיך אויסשטעלן אין רייען. לענגאויס אין רייען זענען געשטאַנען אונדזערע פאַרפאָלגער און אויף אַן אומברחמנותדיקן אופן געשלאָגן. גע-נוג לאַנג זענען מיר געשטאַנען צעקאַטעוועטע און קיין שום באַפעלן נישט באַקומען.

עס איז געווען באַגינען. איך האָב געטראַכט, אַז די נאַטור וועט זיך אָננעמען אונדזער קריוודע און זי וועט לאָזן דונערן פאַלן אין אונדזערע באַרבאַרישע פייניקער. די זון אָבער, געטריי איר נאַטור-געזעץ, האָט אין גיכן ארויסגעשיינט און זי האָט איר שטראַלנדיקן בליק געוואָרפן אויף

אונדזערע צעבלוטיקטע, צעממיתטע קערפּערם און טיף אריינגעבליקט אין אונדזערע צעווייטיקטע נשמות.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון מיין פאַרטראַכטקייט. מיט אַ ציטער האָב איך דערהערט: „אַכטונג". פאַר אונדז איז געשטאַנען אַ גרופּע „שאַר-פירער" און אוקראַינער. אין דער שפּיץ איז געווען דער „אונטערשטורעם-פירער" פראַנץ מיט זיין הונט באַרי. פראַנץ האָט געמאָלדן זיינע קאָלעגן, אַז איצט וועט ער אַרויסגעבן אַ באַפעל. אויף אַ געגעבענעם צייכן האָט מען אונדז אָנגעהויבן צו ממיתן. מען האָט געשלאָגן, ווי עס האָט זיך גע-לאָזן. מען האָט צעריסן אונדזערע פּנימער און קערפּערס. יעדער האָט גע-מוזט שטיין גלייך. פאַר דעם קלענסטן איינבויגן זיך איז ער געוואָרן דער-שאָסן, אַלס אַ נישט פעאיקער צו דער אַרבעט.

ווען זיי האָבן שוין גענוג אָנגעזעטיקט זייער בלוטדורשטיקייט און מיר זענען שוין געווען פולשטענדיק צעמזיקט, האָט מען אונדז אָנגעהויבן צו גרופּירן אין רייען. איך בין פאַררעכנט געוואָרן צו דער גרופּע, וואָס האָט געאַרבעט ביי די מתים. דאָס איז געווען זייער אַ שווערע אַרבעט, ווייל אין צוויי̆ען האָט מען געמוזט שלעפּן אַ טויטן קערפּער אַן ערך 300 מעטער. טיילמאָל האָבן מיר דעם מת אַרומגעבונדן מיט אַ רימען און גע-שלעפּט צום גרוב.

פון דער ווייטנס האָב איך באַמערקט אַ לעבעדיקע נאַקעטע פרוי. זי איז געווען יונג און הערלעך. איר בליק איז געווען ווי וואַנזיניק. זי האָט עפּעס גערעדט צו אונדז, אָבער מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען און איך נישט געקאָנט העלפן. זי האָט אויף זיך אַרויפגעוואָרפן אַ ליילעך, אונטער וועלכן זי האָט באַהאַלטן אַ קליין קינד. זי האָט געזוכט אַ באַהעלטעניש. פּלוצים האָט איר באַמערקט אַ דייטש. ער האָט איר געהייסן אַריינגיין אין אויסגעגראָבענעם גרוב און האָט איר דערשאָסן צוזאַמען מיטן קינד. דאָס איז געווען דער ערשטער פאַל פון דערשיסן, פון וועלכן איך בין געווען אַ לעבעדיקער עדות.

איך קוק זיך אַרום צווישן די גריבער. יעדער קבר האַלט אַרום 50x25x10 מעטער. איך האָב זיך אָוועקגעשטעלט לעבן איין קבר, ווו איך האָב געוואָלט אַריינוואַרפן אַ מת. הינטער מיר האָט זיך באַוויזן פּלוצלינג אַ דייטש. ער האָט מיך געוואָלט דערשיסן. איך האָב זיך אויסגעדרייט און

געפרעגט, מיט וואָס האָב איך זיך פאַרזינדיקט. ער האָט געענטפערט, אַז אומנויטיק האָב איך געוואָלט אַריינגיין אין גרוב. איך האָב אים אויפגעקלערט, אַז איך האָב באַדאַרפט אַריינוואַרפן אַ טויטן קערפּער.

נעבן כמעט יעדן פון אונדז איז געשטאַנען אַ דייטש מיט אַ נאַגייקע אָדער אַן אוקראַינער מיט אַ ביקס. זיי האָבן אונדז בעת דער אַרבעט געשלאָגן איבער די קעפּ. נישט ווייט פון אונדז איז געשטאַנען אַ מאַשין, וועלכע האָט אויסגעגראָבן די קברים. בעתן טראָגן, אָדער ריכטיקער געזאָגט שלעפּן די מתים, האָבן מיר געמוזט לויפן. פאַר דער קלענסטער אָפּווייכונג האָט מען געשלאָגן.

די טויטע קערפּערס זענען געלעגן גענוג לאַנג. זיי האָבן זיך שוין אָנגעהויבן פונאַנדערצולייגן. דער ריח פון פוילעניש און נבלה האָט אָנגעפילט די לופט. ווערים האָבן געפרעסן די אומגליקלעכע קערפּערס. ווען מיר האָבן פאַרלייגט אַרום די קערפּערס די רימענס, איז אָפט אַראָפּגעפאַלן אַ האַנט אָדער אַ פוס. אַזוי האָבן מיר געאַרבעט איבער די אייגענע קברים ביז זון-אונטערגאַנג אָן עסן אָדער טרינקען. דער טאָג איז געווען זייער אַ הייסער. דער דורשט האָט געפּייניקט. אין אָוונט, ווען מען קומט אין באַראַק, זוכט יעדער די באַקאַנטע פון דעם פאַרגאַנגענעם טאָג. אָבער — ליידער קען מען זיי נישט געפינען — זיי לעבן שוין נישט.

אין גרעסטן טייל זענען אומגעקומען די, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי סאָרטירן פּעקלעך. אויסגעהונגערטע האָבן זיי טיילמאָל עפּעס אַרויסגענומען פון די פּעקלעך. אַזאַ פאַרברעכער האָט מען געפירט צום גרוב און דאָרט האָט אַ קויל אין נאַקן אַ סוף געמאַכט צו זיין אָרעם לעבן.

דער פּלאַץ איז געווען פאַרזייט מיט פּעקלעך, וואַליזעס, אַנצוגן, רוקזעק. מיט איין וואָרט מיט אַלץ, וואָס די קרבנות האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן איידער עס איז געקומען זייער שרעקלעכער טויט.

ביי דער אַרבעט האָב איך באַמערקט, אַז טייל אַרבעטער טראָגן אויף די הויזן רויטע אָדער געלע לאַטעס. איך האָב נישט געהאַט קיין אַנונג, וואָס דאָס באַטייט. אין אונדזער באַראַק, וועלכער איז געווען אָפּגעצוימט מיט דראָטן, האָבן זיי פאַרנומען אַ טייל, וועלכער איז געווען אָפּגעצוימט מיט אַן אינערלעך ווענטל.

צווישן זיי זענען געווען 50 מענער און איין פרוי. ביי מיין דער-

מאַנטער אַרבעט און ביי די געשילדערטע באַדינגונגען בין איך געווען 4 טעג.

פּריטיק, דאַכט זיך, דעם 28סטן אויגוסט, קומען מיר צוריק פון דער אַרבעט. אַלץ אַזוי ווי שטענדיק. „אַכטונג״, „די היטלעך אַנטון און אַרונטערנעמען״. און אַ רעדע פון פראַנצן. ער האָט פון צווישן אונדז אויסגעקליבן אַ קאָמענדאַנט און עטלעכע קאַפּאָ (גרופּן-פירער), וועלכע האָבן באַדאַרפט אונדז אונטערטרייבן ביי דער אַרבעט. פראַנץ האָט אין זיין רעדע אונדז אָנגעזאָגט ערלעך צו אַרבעטן. דערפאַר וועלן מיר באַקומען לרוב אַלץ דאָס נויטיקע. אויב נישט — דאַן וועט מען זיך שוין מיט אונדז גרינטלעך אָן עצה געבן. די קונסט פון דייטש, זאָגט ער, באַשטייט אין דעם, וואָס ער קען באַהערשן יעדע סיטואַציע. זיי פירן דורך די דעפּאָרטאַציע אויף אַזאַ אופן, אַז די יידן שטופּן זיך אַליין אין די וואַגאָנען, נישט ריכטנדיק זיך אויף דעם, וואָס זיי דערוואַרט. דערצו האָט ער צוגעגעבן אַ געהעריקע צאָל עפּיטעטן.

דעם 29סטן אויגוסט האָט מען געוועקט ווי אַלעמאָל, אָבער דאָס מאָל אויף פּויליש. מיר שטייען באַלד אויף און גייען אַרויס אויפן פּלאַץ. מיר דאַרפן זיך נישט אָנטון, ווייל מיר שלאָפן אין די מלבושים, דעריבער קענען מיר שנעל אויספירן דעם באַפעל. מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אין די רייען. עס פאַלט די קאָמאַנדע אויף פּויליש. בכלל באַציט מען זיך צו אונדז זייער העפלעך. פראַנץ רעדט ווידער אַמאָל צו אונדז. ער זאָגט, אַז פון היינט אָן וועט יעדער אַרבעטן ביי זיין פאַך. מען האָט אָנגעהויבן אויסקלייבן פאַכלייט. די ערשטע זענען געווען די בוי-אַרבעטער. איך האָב זיך אויך געמאָלדן ווי אַ בוי-מייסטער. מען האָט אונדז אָפּגעטיילט פון אַנדערע. צוזאַמען זענען מיר געווען 15. מען האָט אונדז איבערגעגעבן אין די הענט פון 3 אוקראַינער. איינער, אַן עלטערער זעלנער קאָסטענקאָ, לויטן אויסזען נישט שרעקלעך. דער צווייטער — אַנדרעיעוו, אַ פּשוטער „וואַכמאַן״, מיטלגעוויקסיק, אַ דיקער מיט אַ קיילעכיק רויט פּנים. דאָס איז געווען אַ גוטער, רואיקער מענטש. דער דריטער — מיקאַדאַי — ניי-דעריק, דאַר, אַ שלעכטער, מיט באַנדיטישע אויגן, אַ סאַדיסט. צו זיי האָט מען צוגעגעבן צוויי אוקראַינער מיט ביקסן, זיי זאָלן אונדז היטן. מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין וואַלד און געהייסן פונאַנדערנעמען די פּאַר-

צוימונגען פון שטעכיקן דראָט, און אויסהאַקן דיביימער אין וואַלד. קאָס־טענקאָ און אַנדרעיעוו זענען געווען זייער מילד. זיי האָבן צווישן די פינגער געקוקט אויף אונדזער אַרבעט. דאַקעגן מיקאַדאַי האָט אונדז גע־טריבן צו דער אַרבעט מיט אַ בייטש און געבייזערט זיך. צווישן די אַלע אויסגעקליבענע זענען באמת נישט געווען קיין פאַכלייט, נאָר אַזוי ווי זיי האָבן נישט געוואָלט אַרבעטן ביי די מתים, האָבן זיי זיך אָנגעגעבן אַלס סטאָליאַרעס. די דאָזיקע פלעגט מען אויסלאַכן און מען האָט זיי נישט געזשאַלעוועט קיין שמיץ. 12 אַזייגער האָבן מיר איבערגעריסן די אַרבעט. מיר זענען צוריקגעקומען אין די באַראַקן אויף מיטאָג, וועלכער איז באַ־שטאַנען פון זופ, קאַשע און פאַרשימלטן ברויט. דאָס איז געווען אַ מי־טאָג, וואָס אין נאָרמאַלע באַדינגונגען איז אים נישט מעגלעך צו עסן. אָבער מיר — אויסגעהונגערטע און אויסגעמאַטערטע — האָבן אַלץ אויפ־געגעסן. 1 אַזייגער זיינען נאָך אונדז געקומען די „וואַכלייט" צוזאַמען מיט די אוקראַינער. אַזוי האָבן מיר געאַרבעט ביזן אָוונט. אין אָוונט — אַזוי ווי שטענדיק — אַהיים, די קאָמענדע אַא"וו.

דעם טאָג זענען ווידער געווען אַ סך דייטשן אַרום אונדז. מיר זע־נען געווען אין אַ צאָל פון 700. צווישן די דייטשן איז געווען פראַנץ מיט זיין הונט. פלוצלינג פרעגט פראַנץ מיט אַ שמייכל — ווער קען דייטש. אַן ערך 50 מענטשן האָבן זיך געמאָלדן. ער האָט זיי געהייסן אַרויסטרעטן פון דער ריי און זיך גרופּירן באַזונדער. ער האָט דאָס אַלץ געטון מיט אַ שמייכל אַזוי, אַז מען זאָל אים אין גאָרנישט חושד זיין. מען האָט זיי אַוועקגעפירט און זיי זענען שוין קיינמאָל מער נישט צוריק־געקומען. אויף דער ליסטע פון די לעבעדיקע האָבן זיי שוין אויך נישט פיגורירט.

אין וואָס פאַר אַ ענויים און פּיין זיי זענען אומגעקומען — וועט קיין פעדער נישט קענען באַשרייבן.

ביי דער זעלבער אַרבעט, אין די זעלבע באַדינגונגען — זענען ווידער פאַרביי אייניקע טעג. מיט איין קאָלעגע האָב איך געאַרבעט די גאַנצע צייט צוזאַמען. דער גורל האָט אונדז אויף אַ מאָדנעם אופן געשווינט. אפשר דערפאַר, וואָס מיר זענען געווען פאַכלייט, אָדער צוליב דעם, וואָס עס איז אונדז באַשערט געווען צוצוזען די אַלע יסורים און טויטע קערפּערס פון

אונדזערע ברידער. אונדזערע „בעלי-בתים" האָבן געגעבן מיר און מיין קאָלעגע קאַסטנס אויף קאַלך. געהיטן האָט אונדז אַנדרעיעוו. מיין קאָלעגע איז געווען אַ גוטער בעל-מלאכה, ער האָט זיך אויך צוגעהערט צו מיינע עצות. די אַרבעט איז געפּעלן געוואָרן דעם „וואַכמאַן". ער האָט אונדז אַרויסגעוויזן פריינדלעכקייט. ער האָט אונדז געבראַכט אַפילו צו שטיקלעך ברויט. פאַר אונדז איז דאָס געווען זייער אַ גרויסע זאַך, ווייל מיר זענען פּשוט געשטאָרבן פון הונגער. מענטשן, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון אַן אַנדער טויט, וועלכן איך וועל נאָך באַשרייבן, פלעגן געשוואָלן ווערן פון הונגער, גאַל ווערן און פאַלן. אונדזער גרופּע ביי דער אַרבעט איז גרעסער געוואָרן, עס זענען צוגעקומען נייע אַרבעטער. מען האָט אָנגע-הויבן צו גראָבן אַ פונדאַמענט אונטער אַ בנין.

וואָס דאָס דאַרף זיין פאַר אַ געביידע — האָט קיינער נישט גע-ווּסט. אויפן הויף איז געשטאַנען איין הילצערנע געביידע, אַרומגערינגלט מיט אַ הויכן פּאַרקאַן. עס איז געווען פאַר אַלעמען אַ סוד, אויף וואָס זי איז באַשטימט. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אָנגעקומען אַ דייטשער מייס-טער מיט אַ געהילף און דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט. עס האָבן אויסגעפּעלט מויערער. אַ סך האָבן זיך געמאָלדן אַלס אַרבעטער, כדי נישט צו דאַרפן אַרבעטן ביי די מתים — אָבער כמעט אַלע האָט מען דערהרגעט. איין מאָל האָב איך ביי דער מולעריי-אַרבעט באַמערקט אַ באַקאַנטן פון וואַרשע, ראַזאַנאָוויטשן. ער איז געשטאַנען מיט אַן אונטערגעהאַקט אויג. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אין אָוונט וועט מען אים דערשיסן. אַ געוויסער וואַרשעווער אינזשיניער עבערט מיט זיין זון האָבן אויך געאַרבעט. אָבער אין גיכן זיינען זיי אומגעבראַכט געוואָרן דורכן תליונס האַנט. דער גורל האָט מיר קיין שום פּיין נישט פאַרשפּאָרט. אין עטלעכע טעג אַרום בין איך געוואָר געוואָרן — צו וואָס עס וועט אויסגענוצט די געביידע, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט אַ פּאַרקאַן. עס האָט מיך דורכגענומען אַ שווי-דערלעכער ציטער. איך און מיין קאָלעגע האָבן געהובלעוועט האָלץ און געמאַכט ווינקל-ברעטער. אין די באַדינגונגען איז אונדז געווען זייער שווער צו אַרבעטן. איך האָב שוין 25 יאָר נישט געאַרבעט אויף אַזאַ אופן. מיין קאָלעגע איז נישט געווען קיין טשעשלער, עס איז אים אַלץ שווער אָנגעקומען. ער איז לויט זיין פאַך געווען אַ סטאָליער און האָט נישט גוט

באהערשט די האַק. מיט מיין הילף האָט ער זיך אָבער אַן עצה געגעבן. איך בין לויט מיין פּראָפעסיע אַ טשעשלער. אין משך פון אַ ריי יאָרן בין איך געווען אַ מיטגליד פון דער עקזאַמעניר-קאָמיסיע אין דער האַנטווערקער-קאַמער. עס זענען פאַרביי 8 טעג פון שווערער וועגעטאַציע, פון אַ לעבן, וואָס לאָזט זיך נישט באשרייבן. אין משך פון דער צייט זענען קיין נייע טראַנספּאָרטן נישט אָנגעקומען. אויפן 8טן טאָג האָט מען געבראַכט אַ נייעם טראַנספּאָרט פון וואַרשע.

דער לאַגער אין טרעבלינקע איז געווען געטיילט אין צוויי טיילן. אין לאַגער נומער איינס איז געווען אַ באַן-אָפּצווייג און אַ ראַמפּע אויף אויסלאָדעווען די טראַנספּאָרטן לעבעדיקע מענטשן. חוץ דעם איז געווען אַ גרויסער פּלאַץ, ווו מען האָט אַוועקגעלייגט דאָס האָב און גוטס פון די געקומענע. אממערסטן האָבן מיט זיך געבראַכט די אויסלענדישע יידן.

דאָרט האָט זיך אויך געפונען אַ „לאַזאַרעט" (שפּיטאָל), וואָס האָט געהאַט 30x1x2 מעטער די לענג. דאָרט האָבן געאַרבעט צוויי מענער. זיי האָבן געטראָגן ווייסע פאַרטעכער, אויף דעם אָרעם — אַ רויטן קרייץ. זיי האָבן געשפּילט די ראָל פון דאָקטוירים. פון די טראַנספּאָרטן האָבן זיי אויסגעקליבן אַלטע און קראַנקע, און זיי אַוועקגעזעצט אויף אַ לאַנגער באַנק, מיטן פּנים געווענדט צום קבר. הינטער זיי זענען געשטאַנען דייטשן און אוקראַינער. די קרבנות האָט מען געטויט דורך אַ שאָס אין קאַרק. דער קערפּער איז גלייך אַריינגעפאַלן אין גרוב. ווען עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ סך מתים, האָט מען זיי צונויפגענומען און אונטערגעצונדן. זיי האָבן געפלאַקערט אין אַ העלישן פייער.

נישט ווייט האָבן זיך געפונען באַראַקן, ווו עס האָבן געוווינט דייטשן און אוקראַינער, קאַנצעלאַריעס, באַראַקן פאַר די יידן, וואָס אַרבעטן, פאַרשידענע וואַרשטאַטן, פערד-שטאַלן, חזיר-שטאַלן, שפּייז-מאַגאַזינען און געווער-סקלאַדן. אויפן הויף זענען געשטאַנען אויטאָ-וואָגנס.

לויטן אויסזען האָט דער לאַגער נישט פאָרגעשטעלט מיט זיך קיין שום שרעקלעכעס. מען האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז מען געפינט זיך באמת אין אַן אַרבעט-לאַגער.

דער לאַגער נומער 2 איז געווען גאָר אַן אַנדערער. אַ באַראַק פאַר אַרבעטער פון 30x10 מעטער, אַ וועשעריי, אַ קליינע לאַבאָראַטאָריע, אַ

וווין-אָרט פאַר 17 פּרויען, אַ וואַך-שטוב און אַ ברונעם. חוץ דעם 13 קאַ-מערן אויף דערשטיקן מיט גאַז די קרבנות. דאָס וועל איך באַזונדער גענוי באַשרייבן. די געביידעס זענען געווען אָפּגעצוימט מיט שטעכיקן דראָט. הינטער דער אָפּצוימונג אַ גראָבן פון 3 x 3 מעטער. הינטערן גראָבן אַ צווייטע אָפּצוימונג פון שטעכיקן דראָט. ביידע אָפּצוימונגען זענען גע-ווען 3 מעטער הויך. צווישן די פּאַרקאַנעס — פאַרצוימונגען פון שטאָל-דראָט. אַרום זענען געשטאַנען אויף דער וואַך אוקראַינער. דער גאַנצער לאַגער איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ פּאַרקאַן פון שטעכיקן דראָט פיר מעטער די הויך. דער פּאַרקאַן איז געווען באַצירט מיט גרינס. אויפן פּלאַץ זענען געווען 4 אָבסערוואַציע-טורעמס — 4 שטאָק די הויך — און זעקס איינשטאָקיקע אָבסערוואַציע-טורעמס, 50 מעטער. הינטער דעם לעצטן פּאַרקאַן זענען געשטאַנען די אַנטי-טאַנק פּלאַטפאָרמעס.

ווען איך בין געקומען אין לאַגער, זענען שוין דאָרט געווען 3 גאַז-קאַמערן. אין משך פון מיין צייט זענען צוגעקומען נאָך 10. די גרויס פון אַ קאַמער איז געווען 5×5, צוזאַמען 25 קוו. מעטער און 1.90 מעטער אין דער הויך. אַן עפענונג אויפן דאַך — מיט אַ הערמעטישן שלאָס און אַן עפענונג פאַר די רערן, די טעראַקאָטענע פּאָדלאָגע אָנגעבויגן צו דער ראַמ-פּע. דער געמויערטער בנין איז אָפּגעטיילט פון לאַגער נומער 1 מיט אַ היל-צערנער וואַנט. די צוויי ווענט — די געמויערטע און הילצערנע האָבן גע-שאַפן אַ קאָרידאָר, וואָס איז העכער פאַרן גאַנצן בנין אויף 80 צ״מ. די קאַמערן האָבן געהאַט אַ פאַרבינדונג מיטן קאָרידאָר. צו יעדער קאַמער האָט געפירט אַ באַזונדערע טיר, הערמעטיש פאַרמאַכט. די קאַמערן פון דער זייט לאַגער נומער 2 זענען געווען פאַרבונדן מיט אַ ראַמפּע, 4 מעטער די ברייט לענגאויס פון די דריי קאַמערן. די הויך פון דער ראַמפּע אַן ערך 80 צ״מ. פון דער זעלבער זייט האָבן געפירט הילצערנע טירן הערמעטיש פאַרמאַכטע. די טירן פון יעדן קאַמער פון לאַגער נומער 2 (1.80x2.50) האָבן זיך געעפנט נאָר אויף דרויסן אַרויס, פון אונטן אַרויף, מיט דער הילף פון אייזערנע אונטערשפּאַרן. פאַרמאַכט האָט מען זיי מיט אייזערנע האַקנס, וואָס זענען געווען איינגעפעסטיקט אין די פּוטרינעס און מיט היל-צערנע פאַררוקערס.

דורך דער טיר-זייט פון קאָרידאָר האָט מען אַריינגעלאָזן די קרבנות.

די טיר פון דער זייט פון לאַגער נומער 2 האָט געדינט אויף ארויסציען די פאַרגאַזעוועטע קערפּערס. לענגאויס דער קאַמער האָט זיך געפונען די עלעקטראָווניע, כּמעט פון דער זעלבער גרויס, ווי די קאַמערן, אָבער העכער איבער דער ראַמפּע. די עלעקטראָווניע האָט באַדינט מיט ליכט דעם ערשטן און צווייטן לאַגער. אין דער עלעקטראָווניע איז געשטאַנען אַ מאָטאָר פון אַ סאָוועטישן טאַנק, וואָס איז באַנוצט געוואָרן אויף אַריינלאָזן דעם גאַז אין די קאַמערן. דעם גאַז האָט מען אַריינגעלאָזן אויף אַזאַ אופן, וואָס מען האָט פאַראייניקט דעם מאָטאָר מיט דער עפענונג פון די רערן. פון דער צאָל אַריינגעלאָזענעם גאַז איז געווען אָפּהענגיק די שנעלקייט פון טויט פון די קרבנות.

ביי די מאַשינען האָבן געאַרבעט 2 אוקראַינער. איוואַן, אַ הויכער מיט מילדע אויגן און דאָך אַ סאַדיסט. דאָס פּייניקן די קרבנות האָט אים פאַרשאַפט פאַרגעניגן. אָפט איז ער באַפאַלן אונדז, די אַרבעטער און מיט אַ טשוואַק צוגעשלאָגן אָן אויער צו דער וואַנט. אָדער ער האָט געהייסן זיך לייגן אויף דער פּאָדלאָגע און פלעגט אונדז ביטער שמייסן. דערביי האָט זיין פּנים אויסגעדריקט סאַדיסטישע הנאה. ער האָט געלאַכט און זיך געוויצלט. די קרבנות האָט ער אומגעבראַכט אָפּהענגיק פון זיין שטימונג. דער צווייטער אוקראַינער האָט געהייסן ניקאָלאַי, אַ נידעריקער מיט אַ בלאַס פּנים און פון דער זעלבער גייסטיקער סטרוקטור ווי איוואַן.

אין טאָג, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל געזען, ווי מען פירט אוועק אין דער געביידע פון טויט קינדער, פרויען און מענער — בין איך כּמעט אַראָפּ פון זינען. איך האָב מיר געריסן די האָר פון קאָפּ און פאַרגאָסן ביטערע טרערן פון פאַרצווייפלונג. אַממערסטן האָב איך געליטן קוקנדיק אויף די קינדער לעבן די מאַמעס, אָדער איינזאַמע, וועלכע האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג דערפון, אַז זייער קורץ לעבן וועט אין עטלעכע מינוטן אַרום איבערגעריסן ווערן אין די גרעסטע יסורים. זייערע אייגעלעך זענען געווען צעפלאַמט פון שרעק, נאָך מער פון פאַרוווּנדערונג. אויף דעם מויל פון די קינדער איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן די פראַגע: „וואָס איז דאָס, נאָך וואָס און פאַרוואָס?” זעענדיק די פאַרשטיינערטע פּנימער פון די עלטערע, האָבן זיי זיך צוגעפּאַסט צו דעם מאָמענט. זיי שטייען אָן באַוועגונג און טוליען זיך איינס צום אַנדערן, אָדער צו די עלטערן און וואַרטן

אָנגעשטרענגט אויף דעם שווידערלעכן סוף. פּלוצלינג עפנט זיך די איינ־גאַנג־טיר. איוואַן האַלט אין האַנט אַ דיקע גאַז־רער, 1 מעטער די לענג, און ניקאָלאַי — אַ שווערד. לויט אַ געגעבענעם צייכן הייבט מען אָן ארייַנלאָזן די קרבנות, און דערביי שלאָגט מען זיי אומברחמנותדיק.

דער געשריי פון די פרויען, דאָס געוויין פון די קינדער קלינגען מיר נאָך אין די אויערן ביזם היינטיקן טאָג. אַ ווייטיקדיקער און פאַרצווייפל־טער געשריי. אַ געשריי, וואָס בעט רחמנות. אַ געשריי, וואָס רופט נאָך נקמה צו גאָט. די קרעכצן און געוויינען דערלויבן מיר נישט צו פאַרגעסן די אומגליקן, פון וועלכע איך בין געוועזן אַ לעבעדיקער עדות.

אין אַ קאַמער, וואָס האָט געהאַט 25 קוואַדראַט מעטער, האָט מען אַריינגעלאָזן פון 450 ביז 500 מענטשן. עס איז געווען שרעקלעך ענג. איינער איז געשטאַנען צוגעקוועטשט צום צווייטן. מען האָט אַריינגעטראָגן קינדער אויף די הענט, רעכענענדיק אַז אויף אַזאַ אופן וועלן זיי אויס־מיידן דעם טויט. אויפן וועג צום טויט האָט מען געשלאָגן און געשטויסן מיט די קאָלבעס און גאַז־רער. מען האָט אָנגערייצט אויף זיי די הינט. די הינט האָבן געבילט, געביסן און זיך געוואָרפן אויף די קרבנות. יע־דערער, וועלנדיק אויסמיידן די קלעפּ און די הינט, וואַרפט זיך מיט אַ גע־שריי אין די אָרעמס פון טויט און לויפט אַריין אין גאַז־קאַמער. שטאַר־קערע שטופּן אונטער די שוואַכערע. דער טומל דויערט נישט לאַנג. די טיר פאַרמאַכט זיך מיט אַ טראַסק. די קאַמער איז אָנגעפילט. מען לאָזט אין גאַנג דעם מאָטאָר, זיי פאַראייניקן אים מיט די איינגאַנג־רערן. העכסטנס אין 25 מינוט אַרום ליגן אַלע אויסגעלייגט. זיי ליגן אפילו נישט, ווייל עס איז נישטאָ ווו. זיי פאַלן זיך פּשוט איינע די אַנדערע אין די אָרעמס און בלייבן שטיין. זיי שרייען שוין נישט. זייער לעבן איז איבערגעריסן געוואָרן. זיי האָבן שוין נישט קיין שום ווונטשן און באַדערפעניש. מאַ־מעס און קינדער צונויפגעדריקט אין טויט. זיי האָבן שוין נישט קיין פריינד און קיין שונאים. נישטאָ מער קיין קנאה. אַלע זענען גלייך. נישטאָ מער קיין שיינע און מיאוסע. אַלע זענען געל־פאַרסמט. נישטאָ קיין אָרעמע און רייכע, אַלע זענען גלייך לגבי גאָט. פאַרוואָס? פרעג איך זיך אַליין. עס איז מיר שווער, זייער שווער צו לעבן. אָבער איך מוז דאָך, כדי דער וועלט איבערצוגעבן די נידערטרעכטיקייטן און די באַרבאַרישקייטן.

נאָכן פאַרענדיקן דאָס דערשטיקן מיט גאַז האָבן איוואַן און ניקאָלאַי אויסגעפּאָרשט דעם צושטאַנד. נאָך דעם זענען זיי אַריבער אויף דער אַנדערער זייט, ווו עס געפינט זיך די טיר ביי דער ראַמפּע, זי געעפנט און אַרויסגעוואָרפן די מיט גאַז־דערשטיקטע. אויף אונדז איז געפאַלן די אַרבעט פון טראָגן די קערפּערס צו די גרובן. מיר זענען געווען אויסגעמאַטערט, ווייל פון אין דער פרי האָבן מיר געאַרבעט ביי די געביידעס. עס איז אָבער נישט געווען צו וועמען צו אַפּעלירן.

מיר האָבן געקענט זיך אַנטקעגנשטעלן, באַקומען שמיץ, און אומקומען מיטן זעלבן אָדער מיט אַ נאָך מער אַכזריותדיקן טויט, אַזוי ווי אַנדערע. דעריבער טאַקע טוען מיר אַלץ אָן אַ מורמל צו טון. איבער אונדז שטייט דער „הויפּטמאַן" (איך ווייס נישט, ווי ער האָט געהייסן) פון מיטעלן וווּקס אין ברילן. ער שלאָגט און שרייט. איך האָב אויך באַקומען קלעפּ. ער האָט מיך געשלאָגן אָן איבעררייס. איך האָב אויף אים אויפגעהויבן אַ פרעגנדיקן בליק, ער רייסט דאַן איבער אויף אַ מינוט און זאָגט: „ווען דו וואָלסט נישט געווען צימערמאַן, וואָלסטו געטויט געוואָרן". איך קוק מיך אַרום. אַלע, וואָס האָבן געאַרבעט, האָבן געטיילט מיין גורל. אַ כאַפּטע הינט, דייטשן און אוקראַינער שלאָגן און בייסן. 25 פּראָצענט פאַלן ביי דער אַרבעט. אָן אונטערצוזוכן וואַרפן מיר זיי אַריין אין די קברים. מיר זענען ביי דער אַרבעט שוין אַ קלענערע גרופּע. איך האָב געהאַט דאָס גליק, וואָס נאָכן אַוועקגיין פון „הויפּטמאַן" האָט דער „אונטערשאַרפירער" מיך באַפרייט פון דער אַרבעט.

מען האָט פאַרסמט מיט גאַז טעגלעך פון 10 ביז 12 טויזנט מענטשן. מיר האָבן דורכגעפירט שמאָלע רעלסן און אויף אַ פּלאַטפאָרמע האָבן מיר אַריבערגעפירט די מענטשן צו די קברים. מען האָט נישט געקענט דעריאָגן, האָבן מיר מיט פּאַסקעס געצויגן אין צווייען.

דעם אָוונט האָב איך איבערגעלעבט נאָך אַ שווערן מאָמענט. נאָך אַ שווערן אַרבעט־טאָג האָט מען אונדז נישט אַוועקגעפירט אין לאַגער נומער 1, נאָר אין לאַגער נומער 2. פון דאַנען איז דער אויסבליק — גאָר אַן אַנדערער. איך וועל דאָס בילד קיינמאָל נישט פאַרגעסן. עס איז מיר פאַרגליווערט געוואָרן דאָס בלוט אין די אָדערן. פאַרבייגייענדיק די ראַמפּע, האָב איך געזען טויזנטער טויטע קערפּערס, זיי האָבן זיך געוואַל-

גערט אויפן לאגער-הויף. דאס זענען געווען די קערפערס פון די פרישע קרבנות. אוקראינער און דייטשן האבן הויך ארויסגעגעבן באפעלן. זיי האבן ווילד געשריען, שלאגנדיק אוממענטשלעך מיט קאלבעס און דרענגער די ארבעטער, וועלכע האבן געהאט צעבלוטיקטע פנימער, אונטערגעהאקטע אויגן און די מלבושים צעפליקטע דורך הינט. לעבן זיי שטייען די אויפזעער, ביים אריינגאנג אין לאגער נומער 2 געפינט זיך אן איינשטאקיקער אבסערוואציע-טורעם. אויפן טורעם האבן געפירט לייטערס. ביי די לייטערס האט מען געקאטעוועט די קרבנות. מען האט די פיס זייערע אריינגעזעצט צווישן שטיגעלעך פון די לייטערס, דעם קאפ איינגעבויגן אויף אראפ, האט דער אויפזעער געהאלטן אזוי, אז דער קרבן זאל זיך נישט קענען רירן. די רציחה האט מען אויסגעלאדן אויף די אומגליקלעכע און זיי כסדר ווילד געשמיסן. דאס קלענסטע איז געווען 25 שמיץ.

דאס ערשטע מאל האב איך דאס דערזען אין אוונט. די לבנה און די רעפלעקטארן האבן באלויכטן די שרעקלעכע שחיטה פון האלב-לעבעדיקע מענטשן. לעבן זיי זענען געלעגן מתים. דאס קרעכצן פון די געפייניקטע האט זיך צונויפגעגאסן מיטן סווישטשען פון די בייטשן, וועלכע זענען געפאלן אויף זייערע רוקנס.

ווען איך בין געקומען אין לאגער נומער 2, איז דארט געווען נאר איין באראק. די פריטשעס זענען נאך נישט געווען פארענדיקט, די פעלדקיך איז געשטאנען אויפן הויף. איך האב דארט געטראפן א סך באקאנטע פון ווארשע, זיי האבן זיך געענדערט נישט צום דערקענען. שווארץ, געשוואלן, צעשלאגן. נישט לאנג האב איך זיך געפרייט מיט זייער אנבליק. נייע פנימער, נייע באקאנטע. כסדר — נייע און כסדר טויט. איך האב זיך אויסגעלערנט צו קוקן אויף יעדן לעבעדיקן, ווי אויף א מת אין דער נאנטסטער צוקונפט. מיטן בליק האב איך אפגעשאצט און געטראכט וועגן זיין וואג, ווער עס וועט אים צום קבר שלעפן און וויפל שמיץ ער וועט דערביי באקומען. דאס איז שרעקלעך, אבער אמת. צי וועט איר גלויבן, אז א מענטש, וועלכער לעבט אין אזעלכע באדינגונגען, קען נאך אמאל א שמייכל טון, א שפאס טרייבן? צו אלעמען קען מען זיך צוגעוווינען.

דער דייטשער סיסטעם געהערט צו די אממערסטן פאלקאמע. אמטן

און אונטער-אָטעמען, אָפּטיילונגען און אונטעראָפּטיילונגען. און דאָס וויכ-טיקסטע — אומעטום דער ריכטיקער מאַן אויפֿן ריכטיקן אָרט. און ס'איז נויטיק אַן אַבסאָלוטע דעצידירטקייט און אַן ענדגילטיקע פֿאַרניכטונג פֿון די „שלעכטע און בונטאַרישע עלעמענטן", דאָרט געפֿינען זיך שוין די גרויסע פּאַטריאָטן, וועלכע פֿירן אַלץ אויס. מאָדנע, ווי אויף די דאָזיקע פּאָסטנס געפֿינען זיך שטענדיק מענטשן, וועלכע זענען בכוח אין אַ מבול פֿון רעפּרעסיעס צו פֿאַרניכטן און דערהרגענען אַפֿילו נאָענטע. איך האָב קיינמאָל בײַ זיי נישט באַמערקט קיין רחמנות אָדער חרטה. דער גורל פֿון די אומשולדיקע האָט זיי קיינמאָל נישט ווי געטון. דאָס זענען אויטאָמאַטן, בײַ וועלכע מען דאַרף נאָר אַ דריק טון אויפֿן קנעפּל און זיי לאָדעווען פֿון זיך אַרויס אַלץ, וואָס זיי קענען. אַזעלכע היענעס קענען אַמבעסטן צעפֿירן די הענט בעת רעוואָלוציעס און מלחמות. דער וועג צו שלעכטס איז פֿאַר זיי לייכט און ליב. דאָך אַ שטאַרקע און גערעכטע אָרדענונג האַמעוועט די שלעכטע אינסטינקטן מיט דער הילף פֿון דערציאונג, גוטע בײַשפּילן און פֿאַראָרדענונגען.

טונקעלע פֿאַרשוינען באַהאַלטן זיך אין נאָרעס און מלינהס און טוען דאָרט אָפּ זייער אונטערגראָבונג-אַרבעט. הײַנט איז דאָס אָבער אַלץ אי-בעריק. וואָס ערגער, נידערטרעכטיקער דו ביסט, אַלץ אַ גרעסערן אַמט האָסטו. דײַן פּאָזיציע איז אָפּהענגיק דערפֿון, וויפֿל דו האָסט פֿאַרניכטעט, דערהרגעט, דערדריקט. דײַנע הענט, באַשמירט און באַשפּריצט מיטן בלוט פֿון שוצלאָזע, זענען אַ הייליקטום, פֿאַר וועלכן מען בוקט זיך.

וואָס זיי נישט, הויב זיי אויף הויך און העכער, און מען וועט דיר כבוד אָפּגעבן. וואָס ברודיקער עס זענען דײַנע הענט און דײַן געוויסן, אַלץ אַ העכערן טראָן פֿון לויבן וועט מען דיר אויפֿשטעלן.

דער צווייטער איבעראַשנדיקער שטריך פֿון די דײַטשן איז דאָס, וואָס זיי זענען פֿעאיק צווישן דעם פֿעבל בײַ אַנדערע פֿעלקער צו געפֿינען געגנונג דעמאָראַליזירטע טיפּן, וואָס העלפֿן זיי. אין יידישע לאַגערן זענען נויטיק אויך יידישע תלינים, שפּיאָנען, אונטערהעצער. און זיי האָבן אויך אַזעלכע געפֿונען. דאָס זענען גאַנגרעניזירטע נשמות, ווי משהקע פֿון הינ-טער סאָכאַטשעוו, איציק קאָבילע פֿון וואַרשע, אָדער קובאַ — אַ וואַרשע-ווער אַלפֿאָנס און גנב.

דער נייער בנין צווישן לאגער נומער 1 און לאגער נומער 2, ביי וועלכן איך האָב געאַרבעט, איז אין אַ שנעלן טעמפּ אויפגעבויט געוואָרן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זענען נייע 10 קאַמערן. די דאָזיקע קאַמערן זענען געווען גרעסערע, ווי די פריערדיקע: 7x7 — בערך 50 קוואַדראַט מעטער. נאָכן פאַרענדיקן דעם בנין האָבן זיי אַריינגעפּאַקט פון 1000 ביז 1200 מענטשן אין איין קאַמער. צווישן די קאַמערן איז געווען אַ קאָרידאָר. פון ביידע זייטן קאָרידאָר צו 5 קאַמערן. יעדער קאַמער האָט געהאַט צוויי טירן. איינע פון דער זייט פון קאָרידאָר, דורך וואַנען מען האָט אַריינגעלאָזט די קרבנות; די צווייטע איז געווען פון דער זייט פון לאַגער, פונקט אַנטקעגן דער ערשטער טיר. דורך דער צווייטער טיר האָט מען אַרויסגעשלעפּט די מתים. פון דער זייט פון לאַגער נומער 1 האָט דער בנין אַזוי אויסגעקוקט: 5 ברייטע טרעפּ פון בעטאָן געמאַכט. אויף די טרעפּ זענען פון ביידע זייטן זאָרגפעליק אויסגעשטעלט קוישן מיט בלומען. אַ לאַנגער קאָרידאָר. אויפן שפּיץ פון דאַך פון דער זייט פון לאַגער אַ מגן-דוד. דער בנין האָט אויסגעזען, ווי אַן אַלטפרענקישער טעמפּל. ווען דער בנין איז פאַרענדיקט געוואָרן, האָט דער „האויפּטשטורם-פירער" געזאָגט צו זיינע אונטערטעניקע: „ענדלעך איז די יודענשטאַט פערטיג". די אַרבעט ביי די דאָזיקע קאַמערן האָט געדויערט 5 וואָכן. פאַר אונדז האָט עס אויסגעזען צו זיין אַן אומענדלעכקייט. די אַרבעט איז געגאַנגען פון באַגינען ביז נאַכט אונטערן דרוק פון נאַהייקעס און קאָלבעס. איינער פון די „וואַכמענער", וואָראָנקאָוו, האָט אונדז געשלאָגן און געקאַטעוועט אָן רחמנות. יעדן טאָג האָט ער דערהרגעט עטלעכע אַרבעטער.

הגם אונדזערע פיזישע יסורים האָבן איבערגעשטיגן די באַגריפן פון נאָרמאַל-לעבנדיקע מענטשן, האָבן מיר אָבער ביי דער אַרבעט נאָך מער געליטן מאָראַליש. יעדן טאָג זענען אָנגעקומען טראַנספּאָרטן מיט מענטשן. מען האָט זיי געהייסן תיכף זיך אויסטון. נאָך דעם האָט מען זיי געפירט צו די דריי אַלטע קאַמערן צום פאַרגאַזעווען. דער וועג צו די קאַמערן האָט געפירט דורך אונדזער אַרבעט-פעלד. נישט איינער האָט צווישן די קרבנות באַמערקט זיינע קינדער, ווייב אָדער פאַמיליע. אויב עמעצן האָט דער ווייטיק אַ ריס געטון און ער איז צוגעלאָפן צו זיינע נאָענטע, האָט מען אים באַלד דערהרגעט אויפן אָרט. אין אַזעלכע באַדינגונגען האָבן

מיר געבויט די טויט-קאַמערן פאַר זיך און אונדזערע ברידער. דאָס האָט געדויערט 5 וואָכן. נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט ביי די קאַמערן האָט מען מיך ווידער גענומען אין לאַגער נומער 1, וווּ איך האָב איינגעאָרדנט אַ פּריזיר-צימער. פאַרן טויט האָט מען די פרויען אָפּגעשניטן די האָר, וואָס מען האָט זאָרגפעליק צונויפגענומען. די האָר האָט מען פאַרנוצט צו עפּעס אַ צוועק, וועגן וועלכן איך ווייס נישט.

איך האָב ווייטער געוווינט אין לאַגער נומער 2, פון וואַנען מען האָט מיך יעדן טאָג גענומען צו אַרבעטן אין ערשטן לאַגער, ווייל עס האָבן געפעלט בעלי-מלאכות. ס'איז געקומען דער „אונטערשאַרפירער" הערמאַן. ער איז אַלט געווען בערך 50 יאָר. אַ הויכער, אַ מענטשלעכער און אַ ליב-לעכער. ער האָט אונדז פאַרשטאַנען און מיטגעפילט מיט אונדז. ווען ער איז צום ערשטן מאָל אריין אין לאַגער נומער 2 און געזען די קופּעס פאַר-גאַזעוועטע, איז ער בלאַס געוואָרן און געקוקט אויף דעם מיט אַ דערשראָ-קענעם בליק פול מיטלייד. ער האָט מיך שנעל צוגענומען, כדי נישט צו האָבן דאָס בילד פאַר די אויגן. צו אונדז, אַרבעטער, האָט ער זיך באַצויגן זייער גוט. אָפט האָט ער בגנבה אַרויסגעטראָגן פון דער דייטשער קיך עפּעס צום עסן. זיינע אויגן האָבן אויסגעדריקט אַזוי פיל גוטסקייט, אַז אַ מענטש וואָלט זיך גערן פונאַנדערגעוויינט און פאַר אים זיך אַראָפּגע-רעדט פון האַרץ. ער האָט אָבער מורא געהאַט פאַר זיינע קאָלעגן; ער האָט קיינמאָל מיט זיי נישט גערעדט, אָבער יעדע טאַט און באַוועגונג האָט אָפּ-געשפּיגלט זיין איידעלע נשמה.

ביי דער אַרבעט אין לאַגער נומער 1 האָב איך געזען אַלץ: ווי מען פירט אונדזערע ברידער צום פאַרגאַזעווען און וואָס פאַר אַ שרעקלעכע ענויים זיי האָבן אויסצושטיין פאַרן טויט. דאָס איז געווען דער פּעריאָד, ווען עס זענען אָנגעקומען טראַנספּאָרטן. ווען דער צוג איז צוגעפאָרן, האָט מען די פרויען און קינדער תיכף געטריבן אין די באַראַקן אריין. די מאַנס-לייט האָט מען איבערגעלאָזט אויפן הויף. די פרויען און קינדער האָט מען געהייסן זיך אויסטון. נאַאיווע פרויען נעמען אַרויס האַנטעכער און זייף, זיי רעדן זיך איין, אַז זיי וועלן זיך באָדן. די הענקער פאַרלאַנגען רו און אָרדענונג. זיי שלאָגן און קאַטעווען. קינדער וויינען. דערוואַקסענע קרעכצן

און שרייען. עס העלפט גאָרנישט, די בייטש איז שטאַרקער. זי שוואַכט אָפּ איין טייל און מונטערט אויף אַ צווייטן טייל.

נאָכן איינשטעלן אַלץ אין אָרדענונג, גייען די פרויען און מיידלעך אריין אין פריזיר-צימער און לאָזן זיך אָפּשערן. איצט זענען זיי שוין כמעט זיכער, אַז זיי גייען אין באָד אריין. דורך אַ צווייטן ארייננגאַנג גייען זיי אין לאַגער נומער 2, ווו אויף אַ שטאַרקן פראָסט בלייבן זיי שטיין נאַקעטע, וואַרטנדיק אויף דער ריי, ווייל אין די קאַמערן איז נאָך נישט פאַרענדיקט געוואָרן דאָס פאַרגאַזעווען די פריערדיקע קרבנות.

דאָס אַלץ איז געשען ווינטער. דער פראָסט איז געווען אַ ברענענ-דיקער. קליינע קינדער אין גאַנצן נאַקעט און באָרוועסע האָבן געמוזט שטיין אונטערן פרייען הימל. און זיי זענען אַזוי געשטאַנען שעהן. זיי האָבן געוואַרט אויף דער ריי. די קאַמערן זענען נאָך נישט געווען פריי. מחמת דעם פראָסט זענען צוגעפרוירן געוואָרן די קינדערשע פיסלעך צו דער פאַראייזטער ערד. זיי זענען געשטאַנען, געוויינט און געפרוירן גע-וואָרן. אין די רייען האָבן געשלאָגן דייטשן און אוקראַינער.

אַ ווילדע און געמיינע בעסטיע איז געווען דער דייטש צעפּף. דער האָט אַממערסטן זיך איזדיעקעוועט איבער די קינדער. ווען ער האָט גע-שטופּט די פרויען און זיי האָבן אים געבעטן, אַז ער זאָל נישט שטויסן, ווייל זיי האָבן מיט זיך קינדער, האָט ער ארויסגעריסן דאָס קינד פון דער מוטערס הענט: אָדער ער האָט דאָס קינד צעריסן אויף דער העלפט, אָנ-כאַפּנדיק עס פאַר די פיסלעך, אָדער ער האָט מיטן קעפּל אַ זעץ געטון אין וואַנט און עס אוועקגעוואָרפן אַ דערהרגעטס. דאָס זענען נישט געווען קיין איינצלנע פאַלן; יעדע פאָר טריט זענען פאָרגעקומען אַזעלכע טראַגי-שע סצענעס.

די מאַנסלייט זענען דורכגעגאַנגען הונדערט מאָל ערגערע ענויים, ווי די פרויען. זיי האָבן זיך אויסגעטון אויפן הויף. זיי האָבן געמוזט גלייך מאַכן זייערע מלבושים, אוועקטראָגן אויפן פּלאַץ און אוועקלייגן אויף אַ קופּע אַנדערע מלבושים. נאָך דעם זענען זיי אריין אין באַראַק, ווו עס האָבן זיך אויסגעטון די פרויען, האָבן ארויסגעטראָגן און אוועקגעלייגט די קליידער פון די פרויען. ווען זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט, האָט מען אויסגעקליבן די געזונטע, שטאַרקע און גוט-געבויטע און עס האָבן זיך

אָנגעהויבן די פּייניקונגען. מ׳האָט זיי געשלאָגן ביז בלוט. מען האָט זיי געשלאָגן אויף אַ באַזונדערס ראַפינירטן אופן.

אויסגעשטעלט אײנאײנעם, פרויען, מאַנסלייט, זקנים און קינדער, הויבן זיי אָן צו גיין, נאָך דעם, ווי מען גיט אַ צייכן. זיי האָבן באַדאַרפט איבערגיין פון לאַגער נומער 1 צום לאַגער נומער 2 צו די קאַמערן. אויפן וועג איז געשטאַנען אַ בודע. אינעווייניק איז דאָרט עמעצער געזעסן און גערופן, אַז מען זאָל אַוועקגעבן אַלע ווערט-זאַכן. מענטשן האָבן זיך איינגערעדט, אַז זיי וועלן נאָך לעבן, האָבן זיי זיך באַמיט צו באַהאַלטן, וואָס זיי האָבן געקענט. אָבער די הענקער האָבן אַלץ געפונען. אויב נישט ביים לעבן, איז נאָכן טויט.

יעדער, וועלכער איז צוגעגאַנגען צו דער בודקע, האָט געמוזט אויפהויבן די הענט אין דער הויך. און אַזוי איז די גאַנצע שנור געיער צום טויט געגאַנגען צו די קאַמערן, שווייגנדיק מיט אויפגעהויבענע הענט.

פאַרן בנין מיט די קאַמערן איז געשטאַנען אַ ייד, דער אַזוי גערופענער באַד-מייסטער, וועמען די דייטשן האָבן אויסגעקליבן. ער האָט גערופן אַלעמען אין באָד אַריין, ווייל דאָס וואַסער וועט קאַלט ווערן. איראָניע. מיט קלעפּ און געשרייען האָט מען זיי אַריינגעטריבן אין די קאַמערן.

ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט, איז אין די קאַמערן ענג. מענטשן ווערן דערשטיקט פון בלויזן געדראַנג. אין די נייע קאַמערן האָט אויך שלעכט געאַרבעט דער מאָטאָר. די אומגליקלעכע האָבן זיך געמאַטערט גאַנצע שעהן, נישט קאָנענדיק שטאַרבן. דער טייוול אַליין וואָלט נישט אויסגעטראַכט קיין מער שרעקלעכע ענויים. ווען מען האָט געעפנט די קאַמערן, זענען אָפט נאָך געווען אַ סך האַלב-לעבעדיקע, וועלכע זענען פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַ קאָלבע אָדער אַ קויל, אָדער אַ שטאַרקע בריקע מיטן פוס. אָפט האָט מען די קרבנות אַריינגעלאָזט אין די קאַמערן אויף אַ גאַנצע נאַכט און מען האָט נישט געלאָזט אין גאַנג דעם מאָטאָר. די ענגשאַפט און די שטיקעניש האָבן געטויט זייערס, דערהרגענדיק אַ גרויסן פּראָצענט נאָך שרעקלעכן פּיין. פיל זענען אָבער געבליבן לעבן, בעיקר זענען געווען ווידערשטאַנד-פעאיק די קינדער. נאָכן אַרויסוואַרפן זיי פון קאַמער האָבן זיי נאָך געלעבט. אַלע האָט אָבער דעמאָלט פאַרענדיקט דער רעוואָלווער פון דייטש. דאָס ערגסטע איז געווען דאָס שטיין נאַקעט אויפן ברענענ-

דיקן פראָסט, וואַרטנדיק אויף דער ריי פון אכזריותדיקן טויט. נישט ווייניקער שרעקלעך זענען אָבער געווען די קאַמערן.

מיט אמתער פרייד האָבן די הענקער באַגריסט די אויסלענדישע טראַנספּאָרטן: דאָרט האָט מען מסתמא רעאַגירט אויף די ארויסשיקונגען. כדי נישט ארויסצורופן קיין חשד וועגן דעם, וואָס זיי טוען מיט די אומגליקלעכע, האָט מען זיי ארויסגעפירט אין פּאַסאַזשיר-צוגן און דערלויבט מיטנעמען מיט זיך אַלץ פון נויטיקסטן געברויך. די דאָזיקע מענטשן זענען געקומען צופאָרן עלעגאַנט געקליידט. זיי האָבן געבראַכט מיט זיך אַ סך שפּייז און מלבושים. אין צוג האָבן זיי געהאַט אַ באַדינונג און אַפילו אַ רעסטאָראַן-וואַגאָן. זיי האָבן געהאַט מיט זיך אַ סך פּעטס, קאַווע, טיי אד״גל. און די נאַקעטע ווירקלעכקייט האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן פאַר זייערע אויגן. מ׳האָט זיי ארויסגעצויגן פון די וואַגאָנעס און אַלץ איז פאָרגעקומען אויפן זעלבן אופן, ווי כ׳האָב שוין באַשריבן. צומאָרגנס איז שוין נישט געווען פון זיי קיין שפּור. ס׳זענען בלויז געבליבן פון זיי די מלבושים, שפּייז און די אַרבעט — די שווערע אַרבעט מקבר צו זיין די מתים.

די צאָל טראַנספּאָרטן האָט זיך פאַרגרעסערט מיט יעדן טאָג, ווייל עס האָבן שוין געדינט צום פאַרגאַזעווען 13 קאַמערן. טיילמאָל האָט מען פאַרגאַזעוועט טעגלעך ביז 30 טויזנט נפשות. צו אונדזערע אויערן זענען דערגאַנגען בלויז געשרייען, געוויינען און קרעכצן. די מענטשן, וואָס זענען געבליבן ביי דער אַרבעט און דערווייל ביים לעבן, האָבן אין די טעג פון אָנקומען פון די טראַנספּאָרטן נישט געגעסן און כסדר געוויינט. שוואַכערע און מער עמפּינדלעכע האָבן באַקומען אַ נערוון-דערשיטערונג און זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. על פּי רוב האָט דאָס געטון די אינטעליגענץ. ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט אין די באַראַקן נאָך דער אַרבעט ביי די מתים, אין די אויערן נאָך פול מיט געשרייען און קרעכצן פון די קרבנות — האָבן זיי זיך ביינאַכט אויפגעהאָנגען. אַזעלכע פאַלן זענען געווען טעגלעך וויניקסטנס פון 15 ביז 20. זיי האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן די פאַרפאָלגונגען פון עלטסטן און פון די דייטשן און נישט געקאָנט פאַרטראָגן די פּיין.

אין אַ געווויסן טאָג איז אָנגעקומען אַ נייער טראַנספּאָרט פון וואַר-

שע. פון דאָזיקן טראַנספּאָרט האָט מען צוגעטיילט אַרבעטער צום לאַגער נומער 2. כ'האָב דאָרט דערקענט אַ סך באַקאַנטע. דאָס איז אָבער נישט געווען קיין אַנטשפּרעכנדיקער עלעמענט צו דער אַרבעט. אַ געוויסער כשר האָט נישט געקענט אויסהאַלטן די פּיין פון די טאָרטורן. ער האָט זיך גע-וואָרפן אויף זיין הענקער, דעם דייטש מאַטיאַס, אָבערשאַרפירער פון לאַ-גער נומער 2. דאָס איז געווען אַ הענקער, אַ רוצח. כשר האָט אים פאַר-וואונדעט. ס'איז געקומען דער „האויפּטשטורמפירער", האָט באַפרייט די בעלי-מלאכות און אַלע אַנדערע האָט מען אויף דעם אַכזריותדיקסטן אופן מיט טעמפּ געצייג דערמאָרדעט אויפן אָרט.

כ'בין געווען פאַרנומען אין וואַלד ביים באַאַרבעטן האָלץ. דער וואַלד האָט זיך געפונען צווישן ערשטן און צווייטן לאַגער. דורך דאָנען זענען אַדורכגעגאַנגען די טראַנספּאָרטן נאַקעטע קינדער, פרויען, זקנים און מאַנסלייט. אַ שטומער טויטן-צוג. מ'האָט בלויז געהערט די געשרייען פון די רוצחים. די אומגליקלעכע האָבן געשוויגן. בלויז פון צייט צו צייט האָט עפּעס אַ קינד זיך פונאַנדערגעוויינט. ס'האָט אַ וויין געטון און אַנטשוויגן געוואָרן. די פינגער פונעם רוצח האָבן אַרומגענומען דאָס דאַרע העלדזל פון קינד און דערשטיקט אין אים דעם לעצטן זיפץ. אַלע זענען געגאַנגען נאַקעטע און שוצלאָזע מיט אויפגעהויבענע הענט.

צווישן ערשטן און צווייטן לאַגער זענען געווען בנינים פאַר די אוקראַינער. די לעצטע זענען שטענדיק געווען שיכור. וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט, האָבן זיי אַרויסגעגנבעט פון לאַגער און פאַרקויפט פאַר בראָנפן. די דייטשן האָבן זיי געהיטן און אָפּט ביי זיי צוגענומען די גנבה. זאַטע און שיכורע האָבן די אוקראַינער געזוכט נאָך אַנדערע אויפהייטע-רונגען. ווען זייערע בנינים זענען פאַרבייגעגאַנגען טראַנספּאָרטן נאַקעטע פרויען, האָבן זיי צווישן די יידישע מיידלעך אויסגעקליבן די שענסטע, זיי אַריינגעשלעפּט אין די צימערן און זיי פאַרגוואַלטיקט אויפן בעסטיאַ-לישסטן אופן. שפּעטער האָבן זיי זייערע קרבנות אָפּגעפירט אין טויט-קאַ-מער. די געשענדעטע דורך זייערע הענקער שטיקן זיך גלייך מיט אַנדערע אין די ענגע קאַמערן. אַ מאַרטירער-טויט. עס איז טיילמאָל געווען אַ רע-אַקציע. איך וועל באַשרייבן איינעם פון אַזעלכע פאַלן. אָט איז איינע פון די מיידלעך אַרויס פון דער ריי. אַ נאַקעטע איז זי איבערגעשפּרונגען אי-

בערן פלויט פון שטעכעדיקע דראָטן 3 מעטער די הויך, און האָט אָנגע-הויבן אַנטלויפן אין אונדזער ריכטונג. די אוקראַינער האָבן דאָס באַמערקט און זיי האָבן אָנגעהויבן אַ יאָגד אויף איר. דער ערשטער האָט זיך גע-לאָזט אין געיעג, אָבער ווייל ער איז געווען צו נאָענט, האָט ער נישט געקאָנט שיסן. זי האָט אים אַרויסגעריסן די ביקס.

ס'איז זיי בכלל געווען שווער צו שיסן, ווייל אַרום זענען געשטאַנען די „וואַכן" און ס'איז לייכט געווען צו טרעפן עמעצן פון זיי. דאָך האָט דאָס בלוט זיך ביי זיי צעשפילט. ס'איז געפאַלן אַ שאָס, וואָס האָט דער-הרגעט אַן אוקראַינער, און זי האָט אַ פאַרביסענע זיך געריסן מיט די אַנ-דערע אוקראַינער. ס'איז געפאַלן אַ צווייטער שאָס און אַ צווייטער אוק-ראַינער איז פאַרוואונדעט געוואָרן. מען האָט אים דערנאָך אַראָפּגענומען אַ האַנט (נאָכן אויסהיילן איז ער געבליבן אין אונדזער לאַגער און איז דאָרט געווען ביז דער לעצטער רגע). לסוף האָט מען זי געכאַפּט. זי האָט דערפאַר טייער באַצאָלט. מען האָט זי געשלאָגן, געמאַכט איר בלויע צייכנס, באַשפּיגן, געקאָפּעט, דערנאָך ערשט האָט מען זי דערהרגעט.

זי איז אונדזערע אַ נאָמענלאָזע העלדין.

ס'איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פון דייטשלאַנד. אַלץ איז פאָר-געקומען אויף אַ שאַבלאָנעם אופן. ביים אויסטון זיך טרעט אַרויס אַ פרוי מיט צוויי קינדער, יינגלעך. זי לעגיטימירט זיך, אַז זי איז אַ געבוירענע דייטשקע און בלויז על פּי טעות איז זי אַריינגעפאַלן אין וואַגאָן. אַלע דאָ-קומענטן זענען אין אָרדענונג, די צוויי יינגלעך זענען נישט געמלט. די פרוי איז אַ שיינע, אָבער אַ פּחד קוקט פון אירע אויגן. זי האַלט די קינדער ביי זיך, באַרואיקט, טרייסט און פאַרזיכערט זיי, אַז אַלץ וועט זיך באַלד אויפקלערן און זיי וועלן זיך אומקערן צום טאַטן אַהיים. זי צערטלט און קושט זיי, אָבער אַליין וויינט זי. אַ פאַרגעפּיל, אַ שרעקלעך פאַרגעפּיל. די דייטשן הייסן איר מיט די קינדער אַרויסטרעטן פון דער ריי. עס דאַכט זיך איר, אַז זי איז געראַטעוועט. עס קומט ביי איר פאָר אַן אַנטשפּאַנונג. אָבער, אוי אַ שרעק, מ'האָט גוזר געווען, אַז זי מוז אומקומען צוזאַמען מיט די יידן, ווייל זי האָט צופיל געזען און קען דאָס פאַרשפּרייטן אויף דער וועלט. פאַרשטייט זיך, אַז אַלץ ווערט געהאַלטן בסוד. ווער ס'איז אַריבער די שוועל פון טרעבלינקע, דער איז פאַרמשפּט אויף אומקום. און

אויך די דאָזיקע פרוי מיט אירע קינדער שפּרייזט צוזאַמען מיט אַלע צום טויט. אירע קינדער וויינען פּונקט אַזוי ווי די יידישע. פון אירע אויגן קוקט אַרויס די זעלבע פאַרצווייפלונג. ס'איז נישטאָ קיין ראַסן-אונטער-שייד. לגבי דעם טויט זענען אַלע גלייך. איר מאַן וועט מסתמא אומקומען אויפן פראָנט, זי איז אומגעקומען אין לאַגער.

זייענדיק אין לאַגער נומער 1, האָב איך זיך דערוווּסט ווער עס זע-נען די יידן, וועלכע טראָגן געלע לאַטעס. דאָס זענען געווען מענטשן פון פאַרשיידענע פרייע פּראָפעסיעס און בעלי-מלאכות, וועלכע זענען געבליבן פון די ערשטע טראַנספּאָרטן און האָבן אויסגעבויט טרעבלינקע. ווען אַלע וועט זיך ענדיקן, האָבן זיי געהאָפט, אפשר וועלן זיי אַרויספליען אויף דער פריי. דער גורל האָט אָבער געוואָלט אַנדערש. קודם איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ווער עס וועט נאָר איבערטרעטן די שוועל פון דאָזיקן גיהנום, מוז אומקומען. מען טאָר נישט איבערלאָזן קיין עדות, וועלכע וואָלטן דער וועלט געקאָנט ווייזן דאָס אָרט פון די באַרבאַרישע טאָרטורן. צווייטנס האָט איין פאַסירונג אַוועקגענומען פון איבער זייערע קעפּ דעם חסד און האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין די אָרעמס פון טויט. צווישן זיי זענען געווען גאָלדשמידן, וועלכע האָבן סאָרטירט איידעלע מעטאַלן. צו סאָרטירן איז געווען אָן אַ שיעור, פולע קאַסטנס. צום סאָרטירן און אויסלייגן איז גע-ווען באַשטימט אַ באַזונדערער באַראַק. קיין ספּעציעלע וואַך איז נישט געווען. זיי האָבן זיך דערוואָרבן צוטרוי. ווהין וועלן זיי אַרויסטראָגן? אויב אפילו זיי זאָלן עפּעס צונעמען פאַר זיך, וועט עס דאָך מיט דער צייט סיי ווי פאַרבלייבן ביי די דייטשן. די אוקראַאינער דאַקעגן זענען משוגע געוואָרן, דערזעענדיק גאָלד. זיי קענען זיך לחלוטין נישט דערויף. ס'איז גענוג צו געבן זיי עפּעס אַ בלישטשענדיקע זאַך און פאַרזיכערן, אַז דאָס איז גאָלד.

בעת די דעפּאָרטאַציעס קומען זיי אין יעדן הויז און פאָדערן איי-דעלע מעטאַלן. זיי טוען דאָס אָן דעם וויסן פון די דייטשן. נאַטירלעך, אַז אָן טעראָר גייט עס נישט. דעמאָלט רוקט מען זיי אונטער, וואָס עס לאָזט זיך און זיי נעמען אַלץ. די פּנימער ווערן ביי זיי גיריק און ווילד, אַז עס נעמט אָן אַ שרעק און עקל צו קוקן. גאָלד באַהאַלטן זיי זאָרגפעליק. זיי ווילן זין באַרימען פאַר זייערע פאַמיליעס, אַז זיי האָבן געבראַנגט קריגס-

רויב. מאנכע פון זיי שטאמען פון די ארומיקע דערפער, אנדערע ווידער האבן אין שכנות מוידן, וועמען זיי ברענגען מתנות. א טייל פון די אוצרות פארטווישן זיי אבער אויף בראנפן. זיי זענען שרעקלעכע שיכורים. ווען זיי האבן באמערקט, אז יידן ארבעטן ביים גאלד כמעט אן קאנטראל, האבן זיי אנגעהויבן צו צווינגען די יידן צו גנבה.

יידן האבן געמוזט גנבענען בריליאנטן, גאלד און זיי אוועקגעבן. אויב זיי וואלטן דאס נישט געטון, וואלטן די אוקראינער זיי דערהרגעט. טאג-טעגלעך האט א באנדע אוקראינער ארויסגעטראגן זאכן פון ווערט-אוצר. א דייטש האט דאס באמערקט און נאטירלעך, אז די שטראף האבן באקומען די יידן. מ׳האט זיי רעווידירט און געפונען גאלד און אנדערע חפצים (ווערט-זאכן). זיי האבן נישט געקאנט דערקלערן, אז זיי טוען עס אונטערן דרוק, איבעריקנס וואלט עס סיי ווי ווייניק געהאלפן. עס האבן זיך אנגעהויבן טארטורן. דער גאלדענער חלום פון פויגל אין שטייג וועגן פרייהייט איז אוועקגעפלויגן. ס׳איז זיי איצט געווען ערגער, ווי אנדערע ארבעטער. נאך דעם פאל איז געבליבן א העלפט. פריער זענען זיי גע-ווען 150.

די לעבנגעבליבענע האבן געליטן הונגער און נויט. דאס פייניקן זיי האט אויך נישט געהערט צום געוויינלעכן.

דער גאנצער פלאץ איז געווען באלייגט מיט קופעס פארשידענע זאכן. פארשטייט זיך, אז מיליאנען מענטשן האבן איבערגעלאזט נאך זיך מיליאנען פארשידענע מלבושים, וועש אד״גל. יעדער האט געגלויבט, אז ער גייט ווערן נע ונד, אבער נישט צום טויט, דעריבער האט מען מיטגע-נומען מיט זיך דאס בעסטע, דאס נויטיקסטע. ס׳זענען געלעגן א סך רוק-זעק, וואליזעס און זעק. די בעסטע שפייז. אלץ, וואס מ׳האט זיך געקענט ווינטשן, האט מען געפונען אויפן פלאץ אין טרעבלינקע. אלץ אין א גרויסן סכום. פארבייגייענדיק האב איך באמערקט א פולע קופע אייביקע פעדערס, עכטע קאווע, טיי אא״וו. מיט צוקערלעך איז געווען פארזייט דער לאגער-הויף. די אויסלענדישע טראנספארטן האבן געברענגט א סך פעטס. די דאזיקע מענטשן האבן הייליק געגלויבט, אז זיי וועלן ווייטער לעבן.

ביים סארטירן האבן געארבעט יידן. אלץ האבן זיי אויסגעלייגט. יעדע זאך האט געהאט איר באשטימונג. יעדע זאך פון א ייד האט זיך

געהאַט איר ווערט און איר אָרט, בלויז דער ייד אַליין — נישט. די יידן האָבן געמוזט גנבענען, כדי אַלץ אוועקגעבן די אוקראַינער. אויב א ייד האָט עס נישט געטון, האָבן די אוקראַינער שוין געפונען א תירוץ א סוף צו מאַכן פון אים. אויב אָבער מען האָט געכאַפּט ביי א גנבה, האָט מען דערהרגעט אויפן אָרט. דער האַנדל איז ווייטער אָנגעגאַנגען. איינער האָט איבערגעריסן און א צווייטער האָט אָנגעהויבן. און אַזוי האָבן געלעבט די אויסדערוויילטע מזלדיקע. יחידים פון מיליאָנען — צווישן האַמער און קאָוואַדלע.

איין מאָל איז געקומען א טראַנספּאָרט ציגיינער פון הינטער וואַר-שע. זיי זענען געווען 70. נעבעכדיקע און אָרימע. מענער, פרויען און קינ-דער. זיי האָבן געבראַנגט מיט זיך אַביסל ברודיקע וועש, געמיינע שמאַ-טעס און זיך אַליין. ווען זיי זענען אַריין אויפן פּלאַץ, האָבן זיי זיך זייער דערפרייט. זיי האָבן געמיינט, אַז זיי געפינען זיך ערגעץ אין א פּאַרכי-שוּפּטן פּאַלאַץ. נישט וויניקער האָבן זיך אָבער דערפרייט זייערע הענ-קער. זיי האָבן די ציגיינער פּאַרטיק געמאַכט אַזוי ווי די יידן. נאָך א פּאָר שעה איז געוואָרן שטיל. עס זענען געבליבן בלויז מתים.

איך האָב געאַרבעט אין לאַגער נומער 1. איך האָב זיך דעמאָלט פריי באַוועגט. הגם איך האָב דאָ א סך געזען, דאָך איז דאָס בילד פון די פאַרגאַזעוועטע אין לאַגער נומער 2 געווען א סך שרעקלעכער. איך האָב שוין געזאָלט בלייבן אין לאַגער נומער 1 כסדר. ס'האָבן זיך וועגן דעם באַמיט דער בוי-מייסטער הערמאַן און א טשעכישער סטאָלער-מייסטער. זיי האָבן באַמערקט, אַז זיי האָבן נישט קיין בעלי-מלאכות, וואָס זאָלן זיך קענען מיט מיר גלייכן. בין איך דערווייל געווען נויטיק פאַר זיי. אָבער אין מיטן דעצעמבער 1942 איז אָנגעקומען א באַפעל, אַז אַלע פון לאַגער נומער 2 זאָלן זיך צושטעלן. דאָס איז געווען א באַפעל אָן שום אַפּעלאַ-ציע. נישט עסנדיק אפילו קיין מיטיק, זענען מיר תיכף אוועק אין לאַגער נומער 2.

ביים סאַמע אַריינגאַנג — א בילד פון פריש פאַרגאַזעוועטע, וועמען דענטיסטן מיט צוואַנגלעך אין די הענט נעמען אַרויס די קינסטלעכע ציין. בלויז א רגע א קוק טון אויף דעם בילד איז גענוג געווען, אַז איך זאָל נאָך מער פאַרלירן דעם חשק צום לעבן. די דאָזיקע ציין סאָרטירן די דענ-

טיסטן לויטן ווערט און לייגן זיי אויס. נאַטירלעך, אַז וואָס די אוקראַינער האָבן באַוויזן צוצוגנבענען, איז געבליבן ביי זיי.

אין לאַגער נומער 2 האָב איך געאַרבעט אַ געוויסע צייט ביים רע-מאָנטירן די קיך. דער קאָמענדאַנט פון דער קיך האָט איינגעפירט אַ נייע אָרדענונג. אין יענער צייט זענען טראַנספּאָרטן געווען וויניקער און קיין נייע כוחות צו דער אַרבעט זענען נישט צוגעקומען. דעמאָלט האָט מען אָנגעהויבן אַרויסגעבן די אַרבעטער פון ערשטן לאַגער נומערן. דאָס איז געווען אַ דריי-עק פון לעדער. די נומערן האָט מען געטראָגן אויף דער לינקער ברוסט. עס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז אין לאַגער נומער צוויי וועלן אויך זיין נומערן. דערווייל איז נישט געווען. יעדנפאַלס איז געוואָרן איינגעשטעלט אַן אָרדענונג. קיין פרעמדער פון אַ טראַנספּאָרט האָט זיך נישט געקאָנט אַריינגנבענען, כדי צו פאַרלענגערן זיין לעבן, אַזוי ווי איך האָב עס געטון. עס איז אונדז שוין געווען זייער קאַלט. מ'האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן קאָלדרעס. אין דער צייט, ווען איך בין נישט געווען אין לאַגער נומער 2, האָט מען אויפגעשטעלט אַ סטאָלעריי. דער סטאָלערישער „פאָראַרבעטער" איז געווען אַ וואַרשעווער בעקער. ער האָט געזאָלט מאַכן טראָג-ברעטער צום איבערטראָגן מתים פון די קאַמערן צו די קברים. דאָס איז געווען אַ זייער איינפאַך מיטל. צוויי דרענגלעך און ברעטלעך צווישן זיי, צוגעשלאָגן מיט טשוועקעס.

דער „האַופּטשטורמפירער" און ביידע קאָמענדאַנטן האָבן מיר באַ-פוילן אויפצובויען אַ וועשעריי, אַ לאַבאָראַטאָריע און אַן איינריכטונג פאַר 15 פרויען. די בנינים האָבן געדאַרפט געבויט ווערן פון אַלטן מאַטעריאַל. אין דער אומגעגנט האָט מען צענומען אַלטע יידישע בנינים. איך האָב דאָס דערקענט נאָך די נומערן פון די הייזער. איך האָב זיך צוגעקליבן אַרבעטער און אָנגעהויבן אַרבעטן. אַ טייל פון נישט באַאַרבעטן האָלץ האָב איך געבראַנגט פון וואַלד. די צייט פון אַרבעט איז שנעל דורכגעלאָפן. אַ טאָג נאָך אַ טאָג איז אַוועק. אַלץ האָט מיר אָנגעהויבן אויסזען צו זיין געוויינלעך. איך בין געוואָרן גלייכגילטיק.

נייע זאַכן האָבן אָבער אָנגעהויבן אַרויסצופירן פון גלייכגעוויכט. דאָס איז געווען דער פעריאָד, ווען קאַטין איז געוואָרן די טעמע פאַר די דייטשן. עס האָט זיי געדינט פאַר פּראָפּאַגאַנדע. איין מאָל דורך אַ צופאַל

איז צו אונדז אַריינגעפאַלן אַ צייטונג און מיר האָבן זיך דערוווסט וועגן די אַכזריותדיקייטן. אין דער זעלבער צייט, וואַרשיינלעך אונטער דער ווירקונג פון די זעלבע געשעענישן, איז הימלער געקומען קיין טרעבלינקע און אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז מ׳זאָל פאַרברענען אַלע טויטע קערפּערס פון די דערמאָרדעטע. און ס׳איז געווען וואָס צו ברענען. מען וואָלט די דאָזיקע באַרבאַריי קיין אַנדערע נישט געקאָנט צושרייבן, ווייל בלויז די דייטשן זענען דערוויייל די הערשער פון דער ערד, וואָס זיי האָבן אונדז מיט געוואַלט אַרויסגעריסן. זיי האָבן נישט געוואָלט איבערלאָזן קיין שפּורן. אַלנפאַלס האָט מען געדאַרפט געפינען אַן אופן צו פאַרניכטן אַלץ אָן שפּור. מ׳האָט דעריבער אָנגעהויבן צו ברענען. און ס׳האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דאָס אויסגראָבן און אַרויסטראָגן פון די קברים זקנים, קינדער, פרויען און מענער. ווען מ׳האָט געעפנט אַזאַ קבר, איז אַרויס אַ שרעקלעכער ריח, די קערפּערס זענען געווען פולשטענדיק צעפאַלן. ביי דער אַרבעט האָבן די מענטשן ווייטער געליטן מאָראַליש און פיזיש. און צו אונדז, לעבעדיקע, איז ווידער געקומען דער אייגענער, נאָך מער פאַרשטאַרקטער טרויער. מיר האָבן זיך דערנערט זייער שלעכט. טראַנספּאָרטן האָבן אויפגעהערט אָנקומען. עס זענען נישט געווען מער די אומגליקלעכע צושטעלער. פון די אַלטע זאַפּאַסן האָט מען נישט גערן אַרויסגענומען. מיר האָבן געגעסן פאַרשימלט ברויט און פאַרטרונקען מיט וואַסער. פון הונגער איז מען געוואָרן קראַנק אויף טיפוס. דער קראַנקער האָט נישט געדאַרפט קיין היילונג און קיין בעט. אַ קויל אין קאַרק. דאָס לעבן איז פאַרענדיקט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פּרווו צו פאַרברענען די מתים, וואָס האָט זיך נישט איינגעגעבן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פרויען ברענען בעסער, ווי די מאַנסלייט. מ׳האָט דעריבער גענומען פרויען-קערפּערס אויף איינהייצן. אַזוי ווי דאָס איז געווען אַ שווערע אַרבעט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָנקורענץ צווישן די גרופּן — וועלכע וועט מער פאַרברענען. מ׳האָט געמאַכט טאָוולען און יעדן טאָג פאַרשריבן די צאָל פאַרברענטע. נישט געקוקט דערויף, זענען די רעזולטאַטן געווען זייער שוואַכע. מ׳האָט די מתים באַגאָסן מיט בענזין און אַזויערנאָך געברענט. דאָס האָט געקאָסט זייער טייער און דער רעזולטאַט איז געווען אַ נישטיקער. די מאַנסלייט האָבן

כמעט אין גאנצן נישט געוואָלט ברענען. ווען מען האָט אין דער לופטן באַמערקט אַן עראָפּלאַן, האָט די אַרבעט אויפגעהערט. די אַרויסגעצויגענע מתים האָט מען צוגעדעקט מיט ביימלעך, אַז מען זאָל פון עראָפּלאַן נישט באַמערקן. דאָס איז געווען אַ שרעקלעך בילד. דאָס שרעקלעכסטע, וואָס דאָס מענטשלעכע אויג האָט ווען נישט איז געזען. ווען מען האָט געברענט שוואַנגערע פרויען, האָט דער בויך ביי זיי געפּלאַצט און דאָס קינד איז אַרויס פון דרויסן און אַזוי אויפן שוים פון דער מוטער פאַרברענט געוואָרן.

אויף די רוצחים האָט דאָס נישט געמאַכט קיין שום איינדרוק. זיי זענען דערביי געשטאַנען, ווי ביי עפּעס אַ מאַשין, וואָס פונקציאָנירט שלעכט און גיט צו ווייניק אַרויס. ביז איין מאָל איז געקומען אין לאַגער אַן „אויבערשאַרפירער" מיט אַ צייכן פון ס. ס. און אָנגעמאַכט אַן אמתן גיהנום. דאָס איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר 45, פון מיטעלן וווקס, שטענדיק אַ שמייכלענדיקער. זיין באַליבט ווערטל איז געווען „טאַדעללאָז". דעריבער האָט ער באַקומען אַ צונאָמען — „טאַדעללאָז". דאָס פּנים זיינס, וואָס איז געווען גענוג מילד, האָט נישט אויסגעדריקט דאָס, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אין זיין פאַדלער נשמה. ווען ער האָט געקוקט אויף די ברענענדיקע מתים, האָט ער געהאַט דערפון אַן אמתע הנאה. דער דאָזיקער פלאַם איז געווען פאַר אים די טייערסטע דערשיינונג. ער האָט דעם פלאַם געלאַשטשעט מיט זיין בליק, איז געלעגן ביי אים, האָט געשמייכלט און גערעדט צו אים.

און דאָס גיהנום-פייער האָט ער צעפלאַקערט אויף אַזאַ אופן: ער האָט באַנוצט צו דעם אַ מאַשין, וואָס גראָבט אויס מתים, אַן אַזוי גערופענעם „באַגער", און מ'האָט מיטאַמאָל אַרויסגעצויגן 3 טויזנט מתים. — אויף די בעטאָן-פילאַרן פון 100-150 מעטער די לענג האָט מען אויסגעלייגט אַ רושט פון באַן-שינעס. די אַרבעטער האָבן אויף די שינעס אוועקגעלייגט גאַנצע קופּעס מתים און זיי אונטערגעצונדן. איך בין נישט קיין יונגער מענטש. אין מיין לעבן האָב איך אַ סך געזען, אָבער אַ גרעסערן גיהנום איז אַפילו לוציפער אַליין נישט בכוח צו שאַפן. צי קען זיך עמעצער פאָרשטעלן אַ רושט פון אַזאַ לענג מיט דריי טויזנט קערפּערס פון מענטשן, וועלכע האָבן אָקאָרשט נאָך געלעבט? איר זעט זייערע פּנימער

און ס'דאַכט זיך, אַז אָט-אָט וועלן זיך די קערפּערס אַ ריס טון און זיך אויפוועקן פון טיפן שלאָף. און דאָ, לויט אַ באַפעל — צינדט מען אָן דעם פּאַקל און עס ברענט דער פלאַם-פייער. אויב דו שטייסט נאָענט, דאַכט זיך דיר, אַז קרעכצן רייסן זיך אַרויס פון מויל פון די איינגעשלאָפענע, אַז קינדער וועלן זיך באַלד אַ הויב טון: „מאַמע!". אַ שרעק און אַ ווייטיק כאַפּט אַרום. און דאָך שטייסטו און שווייגסט. ביים אַש שטייען באַנדיטן און לאַכן מיט אַ טייוולש געלעכטער. אויף זייערע פּנימער שיינט אַ באמת טייוולשע צופרידנקייט. לכבוד דעם טרינקען זיי בראָנפן און די בעסטע ליקאָרן, פאַרבייסנדיק מיט נאַשערייען. זיי הוליען און פאַרווײלן זיך צע-וואַרעמטע דורכן פייער.

אפילו נאָכן טויט גיט דער ייִד דער געוויסע נוצן. ס'איז ווינטער. אַ שאַר-פער ווינטער. אָבער די וואַרעמקייט זעצט, ווי פון אַן אויוון. די וואַרעם-קייט קומט פון די ברענענדיקע ייִדן. עס וואַרעמען זיך ביי דעם פייער די הענקער, זיי טרינקען, עסן און זינגען. דאָס פייער ווערט פאַמעלעך קלע-נער. ס'איז געבליבן דער אַש, וואָס וועט פעט מאַכן די שווייגנדיקע ערד. דאָס מענטשלעכע בלוט און דער אַש פון די מענטשלעכע קערפּערס — אָט דאָס איז דער פאַרזיי פון דער ערד. זי וועט זיין אַ פרוכטבאַרע להבא. אויב זי וואָלט געקאָנט רעדן — וואָלט זי אונדז אַ סך געזאָגט. זי ווייסט וועגן אַלץ און שווייגט. און אַזוי טאָג איין, טאָג אויס זענען די אַרבעטער גע-שוואָלן געוואָרן און געפאַלן פון דער אַרבעט ביי די מתים און אומגע-קומען אין גרויס ווייטיק. און אַזוי אויך טאָג איין, טאָג אויס זענען די הערצער פון די הענקערס אָנגעפילט געוואָרן מיט גאווה און פאַרגעניגן, וואָס זיי האָבן דעם גיהנום דערהויבן צו אַזאַ מדרגה. ס'איז געווען ליב-טיק און וואַרעם, ווייל די פאַקעלן האָבן געברענט, די שפּורן נאָך די אומ-געברענגטע זענען פאַרשוווּנדן און אונדזערע הערצער האָבן געבלוטיקט. און דער „אויבערשאַרפירער", וואָס האָט דעם גיהנום געשאַפן, איז גע-זעסן ביים פייער, האָט כסדר געלאַכט, געפּיעשטשעט מיט זיין בליק דעם פלאַם און צו אים גערעדט: „טאַדעללאָז". ער האָט אין פלאַם געזען די פאַרווירקלעכונג פון אַלע זיינע דעגענערירטע טרוימען און גלוסטונגען.

דאָס פאַרברענען די מתים האָט זיך איינגעגעבן אויסגעצייכנט. אַזוי ווי די דייטשן האָבן זיך געאיילט, האָט מען אָנגעהויבן בויען נייע רושטן,

פארגרעסערן די באדינונג און ברענען 10 און 12 טויזנט מתים מיט אמאל. ס'איז אנטשטאנען אן אמת גיהנום. ווען מען האט פון ווייטנס געקוקט דערויף, האט זיך געקענט דאכטן, אז א ווולקאן האט ארויסגעשאסן, האט אויפגעריסן דעם ערד-צודעק און שפריט פייער און לאווינע. ס'האט גע-סיטשעט, געזעצט און געקנאקט ארום. אין דער נאענט איז געווען א רויך, א פייער און ווארימקייט, אז מ'האט נישט געקענט איינשטיין. דאס האט געדויערט גענוג לאנג, ווייל מתים זענען געווען בערך א האלבער מיליאן.

ביי די נייע טראנספארטן האט מען זיך געגעבן וויניקער מי, ווייל נאכן פארגאזעווען האט מען זיי גלייך פארברענט. עס האבן אנגעהויבן אנקומען טראנספארטן פון בולגאריע. דאס זענען געווען רייכע מענטשן; זיי האבן געבראכט מיט זיך גרויסע זאפאסן עסן: ווייס ברויט, געדרוי-כערט שעפסן-פלייש, קעז אא"וו. מ'האט זיי פארענדיקט, ווי אלע. מיר אבער האבן גענאסן פון זייערע זאפאסן און איצט באקומען בעסערע קעסט. די יידן פון בולגאריע זענען געווען הויך געוויקסיקע, שטארקע און מענלעכע. ווען מען האט געקוקט אויף אזא מענטש, האט זיך פשוט נישט געוואלט גלויבן, אז אין א 20 מינוט ארום וועט ער אין קאמער אויפהערן לעבן. די דאזיקע יידן, וועלכע קוקן אויס אזוי שיין, וועלן די הענקער נישט לאזן אזוי לייכט שטארבן. מען האט אין די קאמערן אריינגעלאזט א קליינעם סכום גאז און מ'האט זיי געשטיקט א גאנצע נאכט. זיי האבן זיך לאנג געמאטערט ביז זיי האבן אויסגעהויכט דעם לעצטן אטעם. שווע-רע יסורים האבן זיי אויך געליטן פארן אריינגיין אין די קאמערן. די הענ-קער האבן געקוקט מיט קנאה אויף דער געראטנקייט פון זייערע קרבנות, דעריבער האבן זיי זיך נאך מער איזדיעקעוועט איבער זיי.

נאך די טראנספארטן פון בולגאריע האבן אנגעהויבן אנקומען טראנספארטן פון ביאליסטאק און גראדנע. דערווייל האב איך פארענדיקט דאס בויען די לאבאראטאריע, די וועשעריי און די צימערן פאר די פרויען.

איין מאל שפעט אין אוונט איז אנגעקומען א טראנספארט קיין טרעבלינקע. מיר זענען שוין געווען פארשלאסן אין אונדזערע באראקן. די דייטשן און אוקראינער האבן אליין אן אונדזער הילף זיך פארנומען מיט די קרבנות. פלוצלינג האט זיך דערהערט א געקלאפעריי, געשרייען און שאסן. געדיכטע שאסן. מיר האבן זיך נישט גערירט פון ארט, נאר מיט

אומגערולד געוואַרט אויפֿן באַגינען. יעדער האָט געוואָלט וויסן, וואָס ס׳איז געשען. צומאָרגנס איז דאָס פּעלד געווען באַדעקט מיט טויטע קערפּערס. ביי דער אַרבעט האָבן די אוקראַינער אונדז דערציילט, אַז דער אָנגעקומענער טראַנספּאָרט האָט זיך נישט געלאָזט נעמען אין די קאַמערן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ טראַגישער קאַמף. זיי האָבן צעשמעטערט אַלץ, וואָס אַרום, זיי האָבן צעקלאַפּט די קאַסטנס מיט גאָלד, וואָס זענען געשטאַנען אין די קאָרידאָרן פֿון די קאַמערן. זיי האָבן געכאַפּט שטעקנס, אַלץ, וואָס זיי האָבן געטראָפֿן און זיך פֿאַרטיידיקט. די קוילן זענען געפֿאַלן און געקאָסיעט. אין דער פֿרי איז דער פּלאַץ נאָך געווען פֿאַרזייט מיט מתים. ביי יעדן פֿון זיי איז געלעגן דאָס געצייג פֿון זיין פֿאַרטיידיקונג. זיי זענען געפֿאַלן. די רעשט זענען אַריין אין די קאַמערן. די דערהרגעטע און די פֿאַרגאַזעוועטע זענען געווען שרעקלעך צעשאָכטן. ביי אַ טייל זענען געווען אָפּגעריסן גלידער פֿון קערפּער. ווען עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן — איז שוין געווען נאָך אַלעמען. די צעבונטעוועטע זענען פֿאַרברענט געוואָרן. מיר האָבן געזען נאָך בולטער, אַז פֿאַר אונדז איז נישט פֿאַראַן קיין אויסוועג און קיין רעטונג.

אין יענער צייט האָט מען פֿאַרשאַרפֿט די דיסציפּלין, מ׳האָט אויסגעבויט אַ וואַך-שטוב, מען האָט פֿאַרגרעסערט די וואַך און אַריינגעצויגן אין לאַגער נומער 2 אַ טעלעפֿאָן. מיר האָבן שוין נישט געהאַט קיין כוח צו אַרבעטן. האָט מען אָנגעהויבן שיקן נייע מענטשן פֿון לאַגער נומער 1. אָבער אויך די זענען נישט געבליבן. אַלע האָט מען פֿאַרענדיקט. זיי זענען אָפּגעווען אַ פּאָר טעג. ווען די דייטשן האָבן באַמערקט, אַז זיי טויגן נישט צו דער אַרבעט, האָט מען זיי דערהרגעט. עס איז זיי אַ שאָד געווען די שפּייז פֿאַר זיי.

צו מיר איז געקומען דער שאַרפֿירער, אַ סטאָליער-מייסטער, אַ טשעכישער דייטש, וועגן וועמען איך האָב שוין געשריבן. ער האָט זיך מיט מיר געעצהט ווי אַזוי אויסצובויען אַ פֿיר-שטאָקיקן וואַכטורעם, וואָס ער האָט געזען אין מיידאַנעק. ווען איך האָב אים אַלץ דערקלערט, איז ער געווען זייער צופֿרידן. ער האָט דאָס אויסגעדריקט דורך דעם, וואָס ער האָט מיר געבראַכט ברויט מיט וווּרשט.

איך האָב אָנגעגעבן די מאָסן פֿון דעם האָלץ און פֿון די שרויפֿן און

האָב אָנגעהויבן צו בויען. ווען איך פלעג אָנהויבן עפּעס אַ נייע אַרבעט, פלעג איך וויסן, אַז מיין לעבן איז אויף עטלעכע וואָכן פאַרלענגערט. כּל זמן זיי דאַרפן מיך, וועלן זיי מיך נישט אומברענגען.

ווען איך האָב אויפגעבויט דעם ערשטן טורעם, איז געקומען דער הויפּט-שטורעם-פירער און האָט מיר אויסגעדריקט פיל אַנערקענונג און האָט באַפוילן אויסצובויען אַרום דעם צווייטן לאַגער נאָך דריי אַזעלכע טורעמס. מען האָט פאַרשאַרפט די וואַך איבערן לאַגער. מען האָט באַין אופן נישט געקענט אַדורכקריגן זיך פון איין לאַגער אין צווייטן.

זיבן מאַן האָבן זיך צוזאַמענגערעדט און האָבן דורך אַן אונטער-גראָבונג געוואָלט אַרויסקריגן זיך פון לאַגער. פיר פון זיי האָט מען גע-כאַפּט. אַ גאַנצן טאָג האָט מען זיי געקאַטעוועט אויף אַן אומגעמענטלעכן אופן, וואָס איז געווען ערגער, פונעם עצם טויט. פאַרנאַכט, ווען דער עולם האָט זיך צוריקגעקערט פון דער אַרבעט, האָט מען אַלעמען אויפגעזאַמלט און מען האָט די געקאַטעוועטע עפנטלעך אויפגעהאַנגען. איינער פון זיי, מעכל פון וואַרשע, האָט פאַרן פאַרציען די פעטליע אויפן האַלדז אויס-געשריען: „נידער מיט היטלערן, זאָלן לעבן די יידן!".

צווישן אונדז אַרבעטער, זענען אויך געווען אייניקע זייער רעליגיעזע. זיי פלעגן אַלע טאָג דאַווענען. אַ דייטש מיטן נאָמען קאַראָל, דעם קאָמענ-דאַנטס געהילף, אַ ציניקער, האָט זיך צוגעקוקט צו דער אויפפירונג פון אָט דער קליינער גרופּע, און האָט אָפּגעשפּאָט און געמאַכט חוזק. ער האָט זיי געבראַכט צום דאַווענען אַ טלית און תפילין. ווען אימיצער פון אָט די אַרבעטער פלעגט שטאַרבן, פלעגט ער אפילו דערלויבן צו מאַכן אַ קבורה און שטעלן אַ מצבה. איך האָב געעצהט דאָס נישט צו טון, ווייל מען וועט זיי דאָך אויסגראָבן און פאַרברענען נאָכדעם, ווי מען וועט זיך אָנזעטיקן מיטן בילד. מען האָט מיך נישט געפאָלגט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען זיך איבערצייגט, אַז איך בין געווען גערעכט.

דאָס איז געווען אין אַפּריל 1943. עס האָבן גענומען אָנקומען טראַנספּאָרטן פון וואַרשע. מען האָט אונדז געזאָגט, אַז אין לאַגער איינס זענען געבליבן ביי דער אַרבעט 600 מאַן פון וואַרשע, און דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן ריכטיק. אין ערשטן לאַגער האָט דעמאָלט געהערשט פלעק-טיפוס. די קראַנקע האָט מען דערהרגעט. פונעם וואַרשעווער טראַנספּאָרט

זענען געקומען צו אונדז דריי פרויען און א מאַן. דער לעצטער איז געווען דער מאַן פון איינער פון די דריי פרויען. איבער אַט די וואַרשעווער טראַנ-ספּאָרטן האָט מען זיך באַזונדערס שטאַרק איזדיעקעוועט *), איבער די פרויען נאָך מער ווי איבער די מענער. מען פלעגט אויסקלייבן פרויען מיט קינדער, צופירן צום שייטער, און ווען די רוצחים פלעגן זיך אָנזעטיקן מיטן אויסזען פון די איבערגעשראָקענע פרויען און קינדער, פלעגט מען זיי דער-מאָרדן ביים פייער און פאַרברענען. אַזעלכע שפּילערייען מיט פרויען און קינדער פון אַט די טראַנספּאָרטן זענען געווען אַן אָפטע דערשיינונג. די פרויען פלעגן פאַרשוואַכט ווערן און מען פלעגט זיי שלעפּן האַלב-טויטע. אין פּאַנישער שרעק פלעגן די קינדער זיך וואַרפן אין די אָרעמס פון די מוטערס. די פרויען פלעגן בעטן רחמים, פלעגן פון שרעק פאַרמאַכן די אויגן, כדי אויף אַ ווייַלע פאַרגעסן ווו זיי געפינען זיך. די רוצחים פלעגן פון הנאה מאַכן גרימאַסעס און פלעגן לאַנג-לאַנג האַלטן די קרבנות אין שפּאַנונג. ווען מען פלעגט מאָרדן איין גרופּע פרויען און קינדער, זענען שוין געשטאַנען אַנדערע און געוואַרט אויף זייער רייע. אָפטמאָל פלעגן די רוצחים אַרויסרייסן אַ וויינענדיק קינד פון דער מוטערס הענט און לע-בעדיקערהייט וואַרפן אין פייער אַריין. זיי פלעגן דערביי אָפּלאַכן, צורופן די מוטערס העלדיש צו שפּרינגען אין פייער נאָך די קינדער און שפּאָטן פון זייער פּחדנות. איך האָב געזען טויזנטער אַזעלכע שוידערלעכע ביל-דער, וואָס מאַכן ציטערן דאָס לייב מיט זייער אימהדיקייט.

פון ערשטן לאַגער האָט מען אונדז צוגעשיקט נאָך מענטשן צו דער אַרבעט. זיי זענען געווען שרעקלעך אָנגעשראָקן און האָבן מורא געהאַט מיט אונדז צו רעדן. אין לאַגער איינס איז די דיסציפּלין געווען אַ שרעק-לעכע. ווען זיי האָבן זיך אַביסל איינגעלעבט און באַרואיקט, האָבן זיי אונדז געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אין ערשטן לאַגער איז אויסגעבראָכן אַ בונט, און עס גרייט זיך אַן אויפשטאַנד. עפּעס פּיקט זיך שוין דאָרטן אויס. מיר האָבן געוואָלט פאַרשטענדיקן זיך מיט די מענטשן פון ערשטן לאַגער,

*) פון די אַרויסגעבער: דאָס איז פאַרשטענדלעך, מחמת די טראַנס-פּאָרטן, וועגן וועלכע דער מחבר רעדט, האָבן געשטאַמט פון דער צייט פון די באַוואָפנטע קאַמפן אין וואַרשעווער געטאָ.

אָבער עס איז נישט אונטערגעקומען קיין געלעגנהייט. ארום זענען טורעמס און וועכטער. דאָס עסן אין אונדזער לאַגער האָט זיך פאַרבעסערט. יעדע וואָך א באָד און אפילו ריינע וועש. מען האָט דאָך אראָפּגעבראַכט פרויען און איינגעאָרדנט א וועשעריי.

מיר האָבן באַשלאָסן מיטן אָנקומען פון פרילינג צו באַפרייען זיך אָדער אומקומען.

אין יענער צייט האָב איך זיך צוגעקילט און געקריגן א לונגען-אָנ־צינדונג. אַלע קראַנקע פלעגט מען טויטן מיט א קויל אָדער אַן איינשפּרי־צונג. מיך האָבן זיי אָבער, ווי עס שיינט, געדאַרפט האָבן. האָט מען מיך אין די ראַמען פון די מעגלעכקייטן געהיילט. פיל מי האָט אָנגעווענדט אויך דער יידישער דאָקטאָר. ער האָט יעדן טאָג מיך באַטראַכט, געהיילט און געטרייסט. מיין דייטשער שעף לעפּלער פלעגט מיר ברענגען עסן: ווייס ברויט, פּוטער, סמעטענע. ווען ער פלעגט עפּעס צונעמען ביי שמוג־לערס, פלעגט ער זיך טיילן מיט מיר. דער פרילינג, דער חשק צום לעבן און די הילף האָבן געהאַט א פעולה. איך בין אין די שווערע באַדינגונגען געוואָרן געזונט, און איך האָב געמוזט צוריק אַרבעטן. איך האָב פאַרענ־דיקט דאָס בויען די וואַך-טורעמס.

איין מאָל איז צו מיר געקומען דער הויפּט-שטורעמפירער אין דער באַגלייטונג פונעם לאַגער-קאָמענדאַנט און מיין שעף לעפּלער. זיי האָבן מיך געפרעגט, צי וואָלט איך נישט געקענט אויסבויען א פעסטונג-הויז. דאָס האָט געזאָלט זיין א בנין פון קלעצער, וואָס זאָל דינען פאַר א וואַך־הויז אין ערשטן לאַגער. ווען איך האָב אים אָנגעהויבן צו דערקלערן ווי מען דאַרף דאָס מאַכן, האָט ער זיך געווענדט צו זיינע חברים מיט א באַמערקונג, אַז איך האָב אים פאַרשטאַנען אויפן ווונק.

קיין בוי-מאַטעריאַל איז נישט געווען. מיר האָבן געדאַרפט אָנזאָגן. איך האָב זיי צוגערעדט צו מאַכן דעם דאַך פון שינדלען. די שינדלען האָבן מיר אַליין אויסגעפּאַרטיקט. איך האָב דערמיט גרינגער געמאַכט די חברים. זיי האָבן אויפגעהערט צו אַרבעטן ביי די מתים און האָבן מיר געהאָלפן. איך האָב דאָס הייזל אויפגעשטעלט צייטווייליק אין צווייטן לאַ־גער אויף שפּעטער עס צוצענעמען. עס איז אַלעמען שטאַרק געפעלן גע־וואָרן. דער הויפּט-שטורעמפירער און לעפּלער האָבן זיך באַרימט פאַר

זייערע חברים, אַז דאָס האָבן זיי געמאַכט. אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט מען גערעדט דעם בנין צענעמען און אַריבערטראָגן אין לאַגער נומער 1. דער בוי־מייסטער הערמאַן און דער סטאָליער־מייסטער האָבן אַליין נישט געקענט אויפשטעלן דאָס הויז.

זיי איז לייכטער געווען צו מאָרדן אומשולדיקע, איידער טון אַזאַ אַרבעט.

זיי האָבן זיך ווידער געווענדט צו מיר. דאָס איז מיר געווען אויף דער האַנט. איך האָב זיך געקענט אַריינקריגן אין לאַגער איינס און דאָרטן צוזאַמענרעדן זיך מיט מיינע חברים פון אומגליק. איך האָב צו דער אַר־בעט נויטיק געהאַט הילף. עס וואָלט געווען גענוג פיר אַרבעטער, איך האָב פונדעסטוועגן גענומען אַכט. ווען איך בין צוגעקומען צום ערשטן לאַגער, האָב איך אים אין גאַנצן נישט דערקענט. דאָרטן האָט געהערשט אַן אַבסאָלוטע ריינקייט, אָבער די דיסציפּלין איז אויך געווען אַ שרעק־לעכע. אַלע האָבן געציטערט פאַר די שיין פון אַ דייטש אָדער אוקראַינער, זיי האָבן נישט נאָר מיט אונדז נישט גערעדט, נאָר מורא געהאַט אפילו צו קוקן אויף אונדז. אויסגעהונגערטע, געממיתטע, האָבן זיי פונדעסטוועגן געהאַט אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געאַרבעט זייער טיכטיק. אַלץ איז געווען אויסגערעכנט. אַ געוויסער וואַרשעווער בעקער־אַרבעטער, דער פאַרבינדונג־מאַן צווישן די פאַרשווערער — מיטן נאָמען לייטאַייזן — האָט געאַרבעט ביים פּאַרקאַן אין ערשטן לאַגער. און מיט אים איז שווער געווען זיך צו פאַרשטענדיקן. דער פּאַרקאַן איז געווען געדיכט באַפּלאַנצט מיט נאָדל־ביימלעך. מען האָט נישט געקענט ווּיסן, וואָס עס לויערט הינ־טער זיי. די אַרבעטער פון ערשטן לאַגער זענען געווען תמיד אונטערן בייטש. אין פאַרגלייך מיט זיי האָבן מיר געהאַט פולע פרייהייט. מיר האָבן בעת דער אַרבעט געמעגט רויכערן. מיר האָבן אפילו געהאַט צוגעטיילט פּאַפּיראָסן. אָט די פרייהייט האָבן מיר אויסגענוצט פאַר אונ־דזערע ציל. אייניקע פון אונדז האָבן פאַרפירט אַ שמועס מיטן וועכטער און אָפּגעווענדט זיין אויפמערקזאַמקייט, די אַנדערע האָבן זיך פאַר דער צייט פאַרשטענדיקט מיט די מענטשן פון ערשטן לאַגער. אָט אַזוי זענען מיר אַריין אין באַשטאַנד פון אַ קאָמיסיע פון דער געהיימער אָרגאַניזאַציע,

װעלכע האָט אונדז געגעבן אַ געװיסע האָפֿענונג פֿון באַפֿרייאונג אָדער אַ העלדישן טויט.

דאָס אַלץ איז געװען זייער ריזיקאַליש ביי דער װאַכזאַמקייט פֿון די שומרים און שטאַרקער פֿאַרצוימטקייט. „פֿרייהייט אָדער טויט" — איז גע־װאָרן אונדזער ציל. אין דער צװישנצייט האָב איך געענדיקט אויפֿשטעלן דעם בנין. נאָכן פֿאַרענדיקן די געביידע האָבן מיר געקריגן פֿון הויפּט־שטורעמפֿירער װורשט און שנאַפּס. אין דער צייט פֿון דער אַרבעט פֿלעגן מיר קריגן אַ האַלבן קילאָ ברויט איבער דער נאָרמע.

להיפּוך צו דער לאַגע ביי אונדז, איז דער טעראָר אין לאַגער איינס געװאָרן אַלץ גרעסער. איבער די אַרבעטער קיניגט פֿראַנץ מיט זיין הונט, װעלכער צערייסט מענטשן לעבעדיקערהייד. װען איך בין צום ערשטן מאָל געװען אין לאַגער נומער איינס, האָב איך באַמערקט עטלעכע יינגלעך אין עלטער פֿון 13‏-14 יאָר. זיי האָבן געפּיטערט גענדז און אויסגעפֿירט אַנ־דערע קלענערע אַרבעטן. זיי זענען געװען די ליבלינגען פֿון לאַגער. מיט אַ באַזונדערער אויפֿמערקזאַמקייט האָט זיי אַרומגערינגלט דער הויפּט־שטורעמפֿירער — ער איז געװען צו זיי שיעור נישט װי אַ טאַטע. ער האָט װעגן זיי געזאָרגט, געשפּילט מיט זיי און אָפֿט פֿאַרבראַכט מיט זיי גאַנצע שעהן. ער האָט זיי געגעבן עסן, טרינקען און האָט זיי אויסגעקליידט. ער האָט זיי געגעבן די שענסטע מלבושים. די קינדער האָבן אויסגעזען גע־זונט. די זאָרגפֿעליקע פּלעגע, גוטע שפּייז און לופֿט האָבן גוט געװירקט אויף זייער אַנטװיקלונג. איך האָב געטראַכט, אַז זיי װעלן בלייבן לעבן, און זיי װעט קיין שום בייז נישט געשען. װען איך בין איצטער געקומען צום לאַגער, האָט זיך מיר גלייך געװאָרפֿן אין די אויגן, אַז עס פֿעלן אָט די אויסדערװיילטע קינדער. מען האָט מיר געענטפֿערט, אַז נאָך דעם, װי דער פֿירער האָט זיך מיט זיי אָנגעזעטיקט, האָט ער זיי אָפּגעשטויסן און דערמאָרדעט.

נאָכן פֿאַרענדיקן די אַרבעט האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אין לאַ־גער נומער 2, פֿול מיט האָפֿענונג אויף באַפֿרייאונג, אָבער אָן קיין שום קאָנקרעטע אויסזיכטן. די פֿאַרבינדונג איז װידער איבערגעריסן געװאָרן. אין לאַגער צװיי האָט מען שוין חדשים־לאַנג געברענט מתים, אָבער עס איז געװען אַזוי פֿיל, אַז מען האָט זיך נישט געקענט אַן עצה געבן. מען האָט

געבראַכט נאָך צוויי באַגערס-גראַב-מאַשינען אויף אויסצוגראָבן טויטע קערפּערס. מען האָט אויפגעשטעלט נייע רושטן און מען האָט די אַרבעט נאָך מער צוגעיאָגט. כמעט דער גאַנצער קליינער הויף איז געווען פאַרנומען מיט רושטן, און אויף יעדן פון זיי האָבן געברענט מתים. דער זומער איז געווען אין רעכטן מיטן און פון די אויוונס האָט געשלאָגן אַ היץ. גיהנום. מיר האָבן געזען זיך אַליין ברענענדיקע אויף די דאָזיקע רושטן. מיר האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד אויף דער רגע, ווען מיר וועלן זיך אַליין מיט כוח עפענען די טויערן.

ווידער זענען אָנגעקומען עטלעכע טראַנספּאָרטן. פון וואַנען זיי זענען געווען, ווייס איך נישט. עס זענען אויך געווען צוויי טראַנספּאָרטן פּאָליאַקן. איך האָב זיי לעבעדיקערהייט נישט געזען און איך ווייס נישט ווי מען איז זיך מיט זיי באַגאַנגען ביים אויסטון און אָפּשיקן אין די קאַמערן. מען האָט זיי פאַרסמט מיט גאַז צוזאַמען מיט די אַנדערע. ביי דער אַרבעט האָבן מיר דאָס דערקענט לויט די מאַנסבילן, וועלכע זענען נישט געווען געמלט, און מיר האָבן געהערט ווי די אויספירער פון דער מאָרד-אַרבעט האָבן גערעדט צווישן זיך, אַז די פאַרפלוכטע פּאָליאַקן וועלן זיך שוין מער נישט בונטעווען.

אונדזער יוגנט אין לאַגער האָט שוין געוואָלט פאַרלירן דעם געדולד און האָט זיך געריסן צום בונט, אָבער דאָס איז געווען אוממעגלעך. דער איבערפאַל און דאָס אַנטלויפן זענען נאָך נישט געווען אָרגאַניזירט. קיין קאָנטאַקט מיטן ערשטן לאַגער איז נישט געווען. דאָס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. ווידער האָבן מיר זיך געקענט פאַרשטענדיקן מיטן לאַגער איינס.

אַ געווייסן זונטיק נאָכמיטיק איז צו מיר צוגעקומען מיין שעף לעפּלער און האָט מיר געזאָגט, אַז דער הויפּט-שטורעמפירער וויל צום הייזל, וואָס איך האָב אויסגעבויט, צובויען נאָך אַ טויער, ענלעך צום הייזל, און אַז מיר גיט ער איבער די אַרבעט. ער האָט מיר געהייסן אָנצייכענען אַ פּראָיעקט. איך האָב געגעבן דעם הויפּט-שטורעמפירער צוגאָב-אויפקלערונגען. ער האָט אַלץ אַקצעפּטירט. איך האָב אָנגעגעבן די מאָסן אויף מאַטעריאַל און אָנגעהויבן צו אַרבעטן. איך האָב זיך פאַר דעם אָנגעכאַפּט ווי אַ טרינקענדיקער אָן שאַרף פון אַ מעסער. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז

דאָס איז די לעצטע געלעגנהייט אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט די פאַרשווע־רערס. איך פלעג אָפּט אויסגעפינען תירוצים און אַריינקריגן זיך אין לאַגער איינס און דאָרטן פלעגן מיר אַרומרעדן דעם פּלאַן מיט די חברים. יענע האָבן אונדז נישט געגעבן קיין ענדגילטיקן ענטפער. זיי האָבן אָנגעזאָגט בלויז צו האַלטן זיך פעסט, נישט פאַרלירן די האָפענונג און וואַרטן. ביי אונדז אין לאַגער האָט מען איצטער געבויט אַלץ מאַסיווערע רושטן, פונקט ווי דאָס וואָלט נויטיק געווען אויף יאָרהונדערטער. די יוגנט האָט צוזעענ־ריק דאָס זיך געריסן צום טאַט. מיר האָבן געהאַלטן אין פאַרלירן דאָס געדולד.

אין לאַגער נומער צוויי האָבן מיר זיך גענומען אָרגאַניזירן אין פינפטלעך. יעדער פינפטל האָט געהאַט צו דערפילן זיין באַזונדערע אויפ־גאַבע. דערהרגענען די דייטשע און אוקראַינישע מאַנשאַפטן, אונטערצינדן די בנינים, אָפּרייניקן דעם וועג פאַר די אַנטלויפנדיקע אד״ג. אַלץ איז פאַר דעם ציל צוגעגרייט געוואָרן: טעמפּע וואָפן אויך צו הרגענען, האַלץ אויף בריקן, עמערס מיט בענזין אויף אונטערצינדן. דער 15טער יוני איז באַ־שטימט געוואָרן ווי די דאַטע אויף אָנצוהויבן דעם אויפשטאַנד. דאָס האָט זיך אָבער דעמאָלט נאָך אַרויסגעוויזן פאַר אוממעגלעך און מען האָט זי אָפּגערופן. אַזוי איז געשען עטלעכע מאָל.

מען האָט פעסטגעשטעלט פאַרשידענע טערמינען. די זיצונגען פון דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע פלעגן פאָרקומען נאָכן פאַרשפאַרן אונדז אין די באַראַקן. ווען אַלע פלעגן, אויסגעמאַטערט פון דער אַרבעט און פיין איינ־שלאָפן, פלעגן מיר זיך דעמאָלט פאַרקלייבן אין אַ ווינקל פון אונדזער באַראַק אויף אַן אויבערשטע פריטשע און אָפּהאַלטן אונדזערע באַראַטונ־גען. די יוגנט האָבן מיר געהאַלטן אין צוואַנגען, ווייל זי האָט זיך געריסן און געוואָלט אָנהויבן אָן אַ פּלאַן. מיר האָבן אָבער באַשלאָסן אָן דעם לאַגער איינס גאָרנישט צו טון, ווייל דאָס וואָלט פאַר אַלעמען געווען אַן אַקט פון זעלבסטמאָרד. אין אונדזער לאַגער איז געווען בלויז אַ קליין הייפל, ווייל נישט אַלע זענען געווען פעאיק צום קאַמף. ווי איך האָב שוין געזאָגט, איז די באַהאַנדלונג און דערנערונג דאָ געווען פיל בעסער, ווי אין לאַגער איינס.

אין לאַגער איינס זענען געווען ביי אַ 700 אַרבעטער. ביי אונדז

אָבער נאָר ביי א 300. די ארבעטער פון לאַגער איינס זענען געווען שרעק־לעך אויסגעהונגערט. דערצו זענען נאָך צוגעקומען שמיץ און שטראָפן. די שווערסטע שטראָפן זענען געווען פאַר מסחר מיט די אוקראַינער. איך האָב אַליין געזען, ווי איינעם, ביי וועמען מען האָט געזען א שטיקל ווורשט, האָט מען אין זייער א הייסן טאָג צוגעבונדן צו א סלופּ, און ער האָט אַזוי באַדאַרפט שטיין אָן באַוועגונג. אַזוי ווי ער איז געווען זייער א שטאַר־קער, האָט ער אויסגעהאַלטן און נישט אַרויסגעגעבן די אוקראַינער, מיט וועמען ער האָט געהאַנדלט.

מען דאַרף זאָגן, אַז ווען די דייטשן וואָלטן זיך דערוווּסט וועגן דעם אוקראַינער, וואָס האָט געשמוגלט, וואָלטן זיי אים אויך געגעבן פּעסטע בייטשן, אָבער יענער וואָלט שפּעטער בלוטיק זיך אָפּגערעכנט מיט די יידן. לעבנדיק אין אַזעלכע שווערע באַדינגונגען, פלעגן מענטשן אָפּגעניצט ווערן זייער שנעל. דעמאָלט פלעגט פראַנץ זיי צופירן צו די גליענדיקע אויוונס, פלעגט ביים פייער שלאָגן און מזיקן זיי אויפן אוממענטשלעכסטן אופן און דערנאָך, צעקלאַפּטע און צעקאַליעטשעטע, פלעגט ער זיי דערשלאָגן צום טויט און אַריינוואַרפן אין פייער. אין אַזעלכע באַדינגונגען האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז דער ערשטער לאַגער מוז אַריינטרעטן אין אויפשטאַנד. און אָן זיי וועלן מיר נאָרנישט דערגרייכן. מיר האָבן דעריבער אַלץ צוגע־גרייט, געווען שטענדיק אויף דער וואַך און געוואַרט אויפן צייכן.

דערווייל איז דאָס „לעבן" געפלאָסן מיט זיין „געוויינלעכן" וועג. טויט־אויסטערלישע איינפאַלן האָבן זיך נישט אויסגעשעפּט. דער מאַנ־שאַפט האָט זיך פאַרגלוסט צו האָבן שפּיל און פאַרווייַלונג. בלויז דאָס האָט זיי געפעלט. זיי האָבן דעריבער איינגעאָרדנט צוואַנג־פאָרשטעלונגען, קאָנצערטן, טענץ אד"ג. די „אַרטיסטן" פלעגט מען אויף עטלעכע שעה באַפרייען פון דער אַרבעט אויף מאַכן פּראָבן. אין די זונטיקן פלעגן אונ־טער צוואַנג איינגעאָרדנט ווערן פאָרשטעלונגען, צו וועלכע עס פלעגן קו־מען דייטשן און אוקראַינער. אין די כאָרן פלעגן אונטערן צוואַנג זינגען פרויען. דער אָרקעסטער איז באַשטאַנען פון דריי מוזיקאַנטן, וועמען מען פלעגט טאָג־טעגלעך צווינגען צו שפּילן, ווען מען פלעגט אַלעמען אויפ־זאַמלען נאָכן קאַטעוועז. ביים מאַרשירן צו דער אַרבעט פלעגט מען צווינ־גען זינגען יידישע לידער. פאַר דער נייער פאָרשטעלונג האָט מען אויפגע־

נייט נייע קאָסטיומען. אָבער זי איז שוין נישט פאָרגעקומען צוליב אונ-דזער אַטענטאַט און אויסגעפירטן פּלאַן צו אַנטלויפן.

פון 12 ביז 1 בייטאָג פלעגן די דייטשן עסן מיטיק. די יידן פלעגן דעמאָלט שטיין אויפן הויף ביי זייער עס-צימער און זים מאַכן זיי דאָס עסן מיט געזאַנג און מוזיק. די יעניקע, וועלכע האָבן געהערט צום כאָר, האָבן שווער געאַרבעט צוגלייך מיט אַלעמען, אָבער זיי האָבן געהאַט ספּע-ציעלע שעהן באַשטימטע אויף געזאַנג און מוזיק. בכלל האָבן זיך אונדזע-רע הענקער אויסגעצייכנט פאַרוויילט מיטן פאַרבליבענעם הייפל יידן. מען האָט זיי אָנגעטון ווי לצים און זיי געגעבן פונקציעס, וועלכע האָבן אַפילו ביי אונדז צעוויטיקטע אַרויסגערופן געלעכטער.

פאַרן טויער פון אונדזער באַראַק איז געשטאַנען אַן אויסגעקליבע-נער דורך די דייטשן יידישער וועכטער. מען האָט אים אָנגעטון ווי אַ טשערקעס אין רויטע הויזן, אַן אויסגעפּאַסטע מאַרינאַרקע און פון ביידע זייטן אויפן ברוסט הילצערנע קוילן-גילזעס. אויפן קאָפּ האָט ער געהאַט אַ הויכע פוטערנע היטל (פּאַפּאַכע), אַ ביקס האָט מען אים געגעבן פון האָלץ. מען האָט אים געצווונגען צו פּראַוועז לצנישע שטיק און צו טאַנצן ביז די לעצטע כוחות. זונטיק פלעגט מען טוישן דעם מלבוש אויף אַן אנצוג פון ווייסן לייוונט מיט רויטע לאַמפּאַסן און לאַצן מיט רויטע שנירלעך. מען פלעגט אים אָפּט אָנשיכורן און זיך שפּילן מיט אים.

אין דער אַרבעט-צייט האָט קיינער נישט געטאָרט אַריינקומען אין די באַראַקן, האָט ער געהיט דעם אַריינגאַנג. ער האָט געהייסן מאָריץ און געשטאַמט פון טשענסטאָכאָוו.

אַ צווייטער אַזאַ קרבן איז געווען דער אַזוי גערופענער „שיים-מיים-טער". מען האָט אים אָנגעטון ווי אַ חזן. ער האָט זיך געדאַרפט פאַרלאָזן אַ בערדל און ער האָט געהאַט ביי זיך אַ וועק-זייגער אויף אַ שנירל אָנגע-האַנגען אויפן האַלדז. זיין אויפגאַבע איז געווען צו קוקן אויפן זייגער, ווען עמיצער פלעגט אַריין אין אָפּטריט. מען פלעגט דאָרטן נישט טאָרן זיין לענגער ווי דריי מינוט. דער נאָמען פון אָט דעם קרבן איז געווען יו-ליאַן. אויך ער האָט געשטאַמט פון טשענסטאָכאָוו. ער האָט דאָרטן גע-האַט אַ פאַבריקל פון מעטאַל-אויסאַרבעטונגען. עס איז געגנוג געווען אויף אים אַ קוק צו טון, כדי אויסצוברעכן מיט אַ געלעכטער. מאָריץ האָט אָנ-

גענומען אַלע זייערע שטיק פּשוט. ער האָט אפילו נישט פאַרשטאַנען, ווי נעבעכדיק ער זעט אויס. דאַקעגן פלעגט יוליאַן, וואָס איז געווען א דוואַי-קער און סאָלידער מענטש, ביטער וויינען, ווען מען פלעגט מיט אים פראַ-ווען שטיק. ביים אוויון האָט ער אויך געוויינט. זיין עצם הלבשה, אויסזען און באַשעפטיקונג האָבן אָנגערעגט די מערדער צו איזדיעקעווען זיך אי-בער אים און צו מאַכן חוזק.

איך בין א לענגערע צייט געווען ביי דער אַרבעט אין ערשטן לאַגער און אויף ביינאַכט פלעג איך צוריקקומען אין צווייטן. איך האָב איצטער געקענט דרייסט און זיכער זיך צונויפרעדן מיט די אויפשטענדלער פון ערשטן לאַגער. מען האָט מיך ווייניקער געהיט ווי די אַנדערע און גוט באַהאַנדלט. עס פלעגט פּאַסירן, אַז די אוקראַאינער פלעגן מיר געבן עטוואָס צו באַהאַלטן, וויסנדיק, אַז מיך וועט מען נישט רעווידירן. דער שעף אַליין פלעגט מיר ברענגען עסן און פלעגט אַכטונג געבן, אַז איך זאָל זיך מיט קיינעם נישט טיילן. איך האָב זיי קיינמאָל נישט געחנפעט. ווען איך פלעג רעדן מיט פראַנצן, פלעג איך נישט אַראָפּנעמען דאָס היטל. א צווייטן וואָלט ער אין אַזא פאַל דערהרגעט אויפן אָרט. מיר האָט ער נישט איינ-מאָל איינגערוימט אין אויער אויף דייטש: „ווען דו רעדסט צו מיר, פאַר-געס נישט אַראָפּצונעמען דאָס היטל״. אין אַזעלכע באַדינגונגען האָב איך זיך באַוועגט כמעט פריי און אַלץ אַרומגערעדט. איך האָב געהאַט מיט זיך נאָך עטלעכע מענטשן.

שוין לאַנג ווי קיין טרעבלינקע זענען נישט אָנגעקומען קיין טראַנס-פּאָרטן. ערשט אין א געוויסן טאָג, ווען איך האָב געאַרבעט ביים טויער, האָב איך באַמערקט צווישן דער דייטשער און אוקראַאינישער מאַנשאַפט א גענענדערטע שטימונג. דער „שטאַבשאַרפירער״, א מענטש פון א יאָר 50, א נידעריקער און פעסטער מיט א רוצחישן פנים, איז עטלעכע מאָל אַרויסגעפאָרן אין אַן אויטאָ. דערווייל האָט זיך דער טויער געעפנט און מען האָט געבראַכט ביי א טוזנט ציגיינער. (דאָס איז שוין געווען דער דריטער טראַנספּאָרט ציגיינער). ביי א 200 מענער — דאָס איבעריקע פרויען און קינדער. צוזאַמען מיט זיי אויף פורלעך — זייער גאַנצע האָב און גוטס. שמוציקע שמאַטעס, צעריסענע בעט-געוואַנט און אַנדערע אב-יונישע זאַכן. זיי זענען צוגעקומען כמעט אָן א וואָך. געבראַכט האָבן זיי

צוויי אוקראַינער אין דייטשע אוניפאָרמען. די צוויי, וואָס האָבן זיי גע-בראַכט, האָבן אויך נישט געוווסט דעם גאַנצן אמת. זיי האָבן געוואָלט דערליידיקן אַלץ פאָרמעל און קריגן קוויטירונגען. מען האָט זיי אַפילו נישט אַריינגעלאָזט אין לאַגער. זייער פאַדערונג האָט מען אויפגענומען מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל. פון דער זייט האָבן זיי זיך פון אוקראַינער דער-וווסט, אַז זיי האָבן געבראַכט קרבנות אין אַ טויטן-לאַגער. זיי זענען גע-וואָרן בלאַס, נישט געגלויבט און פון דאָס ניי געמאַכט אַ פּרווו דורכצו-קריגן זיך דורכן טויער. דעמאָלט איז אַרויס דער „שטאַבשאַרפירער" און האָט זיי געגעבן אַ פאַרחתמעטן קאָנווערט. מיט דעם זענען זיי אָפּגעפאָרן. די אַלע ציגיינער האָט מען פאַרגאַזט און פאַרברענט. זיי זענען געווען פון בעסאַראַביע.

יולי האָט געהאַלטן ביים סוף. הייסע שטיקנדיקע טעג. צום שווערסטן איז געווען צו אַרבעטן ביי די קברים. עס פלעגן פון דאָרטן זיך טראָגן שרעקלעכע ריחות. די מענטשן, וואָס פלעגן זיך צוריקקערן פון אַט דער אַרבעט, האָבן נישט געקענט איינשטיין אויף די פיס. אַרום 75 פּראָצענט פון די קרבנות זענען געווען פאַרברענט. איצטער איז פאַרבליבן אויסצו-גלייכן די ערד און מאַכן אַזוי, אַז עס זאָלן נישט פאַרבלייבן קיין שפּורן פונעם בלוטיקן פאַרברעכן. אַש איז שווייגנדיק. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַרבעט פון פאַרשיטן די שוין פּוסטע קברים. מען האָט אַהין אַריינגע-וואָרפן די אַש פון די פאַרברענטע, אויסגעמישט מיט ערד, כדי עס זאָלן נישט פאַרבלייבן קיין סמנים. עס איז אַנטשטאַנען אַ ליידיקער שטח. מען האָט אים געדאַרפט אויסנוצן. מען האָט דעם שטח אַרומגעצוימט מיט שטעכיקן דראָט. מען האָט צו אים צוגעגעבן אַ שטיק ערד פון לאַגער צוויי און באַשטימט עס צו פאַרפלאַנצן. מען האָט געפּרווט צו פאַרזייען עפּעס אויפן באָדן, ווו עס רוט דאָס אַש. די ערד האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פרוכפּערדיק. די גערטנער האָבן פאַרזייט לובין און ער איז פיין געוואַקסן. דער שטח פון די קברים, וואָס 75 פּראָצענט פון זיי זענען געווען אויסגע-גראָבן און די קערפּערס פאַרברענט, האָט מען אויסגעגלייכט, פאַרזייט, אַרומגערינגלט מיט שטעכיקן דראָט און פאַרפלאַנצט מיט נאָדל-ביימלעך. די ברוסטן ביי די מערדערס האָבן שיעור נישט געפּלאַצט פאַר גאווה, וואָס זיי האָבן אַזאַ זאַך געקענט אויפטון און זיי האָבן געהאַלטן, אַז זיי האָבן

פאַרדינט אַ קליינע באַשיידענע פאַרווײַלונג. זי האָט זיך אָנגעהויבן פון דעם, וואָס די גראָב-מאַשין, וואָס האָט אויסגעגראָבן אונדזערע ברידער, איז אַריבער אין אַ מצב פון מנוחה. מען האָט זי אויפגעהויבן מיטן קויש אַרויף. זי האָט אויסגעזען, ווי אַ טורעם, וואָס בליקט שטאָלץ אַרויף צום הימל צו. מען האָט געשאָסן אויף וויוואַט, דערנאָך איז געווען אַ סעודה. מען האָט געטרונקען, געמאַכט וויצן און זיך פאַרווײַלט. אויך מיר האָבן גענאָסן. מיר האָבן געקריגן אַן עטלעכע טאָגיקן איבעררייס אין דער אַר-בעט. איצטער זענען מיר שוין געווען פולשטענדיק זיכער, אַז עס קומען אָן אונדזערע לעצטע טעג. 25 פּראָצענט קברים, און מיר — זענען די איינציקע עדות פון די אַלע באַרבאַרישע טאַטן. פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך געהאַלטן און געדולדיק געוואַרט אויף דער אויסלייזונג. איך האָב איצ-טער כסדר געאַרבעט אויפן שטח פון לאַגער איינס. איינער פון אונדזערע טורעמס האָט צוליבן אַריבערגיין פון אַ געוויסן טייל פון שטח פון לאַגער צוויי צו לאַגער איינס — זיך געפונען אין ראַיאָן פון לאַגער איינס. מען האָט אים געדאַרפט פונאַנדערנעמען און איבערטראָגן אין לאַגער צוויי. איך האָב אויף דעם געאַרבעט מיט מײַנע מענטשן. ווידער אַמאָל האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט צוזאַמענצורעדן זיך וועגן דער פאַרשווערונג מיט די אומגליק-חברים פון לאַגער איינס.

נאָך אַן איבעררייס פון עטלעכע טעג האָבן מיר ווידער גענומען אויסגראָבן די קברים און פאַרברענען די לעצטע 25 פּראָצענט פון די קרבנות. אָבער, ווי איך האָב אָנגעמערקט, זענען די היצן געווען שרעק-לעכע. פון יעדער גרוב, וואָס מען האָט געעפנט, האָבן זיך געטראָגן שרעק-לעכע אויסדאַמפונגען. איין מאָל האָבן אונדזערע הענקער, פון פאַרווײַלונג וועגן, אַרײַנגעוואָרפן עפּעס אַ ברענענדיקע זאַך אין אַ געעפנטער גרוב. גלייך האָבן פון דאָרטן גענומען שלאָגן זײַלן שוואַרצער רויך, און אַ פײַער האָט דאָרטן געטליעט אַ גאַנצן טאָג. עס פאַרשטייט זיך, אַז אין אייניקע קברים האָט מען אַרײַנגעוואָרפן די טויטע קערפּערס תיכף נאָכן פאַרגאַ-זעווען זיי. די קערפּערס האָבן זיך נאָך נישט אָפּגעקילט. זיי זענען געלעגן צו ענג צונויפגעפּרעסט. און אַז מען פלעגט עפענען די קברים, פלעגט אַ דאַמף שלאָגן ווי פון אַ קעסל. איין מאָל ביים אַרויפליפערן די קערפּערס אויף די רושטן-שטאַנגען, האָט מען באַמערקט אַ האַנט, וואָס האָט געשטאַרצט

אין דער הויך. אַלע פינגער זענען געווען איינגעבויגן, נאָר דער ווייז־פינגער איז געווען פאַרשטייפט און געשטאַרצט אַרויף, ווי ער וואָלט גערופן זיינע הענקער צו גאָטס משפט. דאָס איז געווען אַ „פּשוטער" צופאַל, פונדעסט־וועגן זענען אַלע געווען אויפגערודערט. אפילו אונדזערע הענקער זענען בלאַס געוואָרן און האָבן נישט אָפּגעריסן די אויגן פונעם שרעקלעכן בילד. ווי עס וואָלט אין דער אמתן געשטעקט דערין עפּעס אַ העכערע קראַפט. אָט די האַנט האָט לאַנג, לאַנג געשטאַרצט. אַ טייל פון שייטער איז שוין לאַנג געוואָרן אַש, און דאָ איז אַ האַנט אויסגעצויגן צום הימל און מאָנט גערעכטיקייט. דער קליינער אומבאַדייטנדיקער צופאַל האָט אויף עטלעכע ווײַלעס קאַליע געמאַכט די שטימונג ביי די אַלע מערדערס.

איך האָב ווידער געאַרבעט אין לאַגער איינס, און אויף דער נאַכט געקומען צוריק אין — צוויי. איך האָב געמאַכט אַ פּאַרקאַן פון בעריאָזע־האָלץ. דאָס איז געווען אַ נידעריקער פּאַרקאַן אַרום אַ בלומען־גערטל. אין גאָרטן זענען אויך געווען שטוביקע חיות און פייגל. אַרום איז געווען שיין און רואיק. מען האָט אויפגעשטעלט הילצערנע בענקלעך פאַר אָפּרו פאַר די דייטשן און אוקראַינער. מנוחה און שטילקייט האָבן געוועלטיקט אין דעם דאָזיקן ווינקעלע. צום באַדויערן אָבער איז דאָס געווען אַ נעסט פון גיהנום־צוגרייטונגען, ווייל וועגן קיין שום אַנדער זאַך ווי וועגן פּיי־ניקונגען האָט מען דאָ מסתמא קיין געשפּרעכן נישט געפירט.

אָפּטמאָל פלעגט דער קאָמענדאַנט פון ערשטן לאַגער פון ווייטן זיך צוקוקן צו מיין אַרבעט. רעדן צו אונדז האָט מען נישט געטאָרט. ער פלעגט אָפּטמאָל געגנבעטערהייד מיר צווואַרפן עטלעכע ווערטער. דאָס איז געווען אַ ייד פון אַ יאָר 45, אַ הויכער און אַ ליבער. ער האָט געהייסן גאַלעווסקי און געשטאַמט פון לאָדזש. פון פאַך אַן אינזשיניער. ער איז אויסגעוויילט געוואָרן פאַרן קאָמענדאַנט אין אויגוסט 1942, דעמאָלט, ווען עס איז אַנט־שטאַנען אַ יידישע „מאַכט". ער איז געווען די פּרוזשינע פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט. אַזוי ווי ער האָט נישט באַוויזן אַראָפּצופאַלן נידעריק, אַזוי ווי אַנדערע, נאָר האָט זיך באַטראַכט, ווי איינער פון אונדז אַלע אומגליקלעכע, פלעגט ער אָפּטמאָל קריגן קלעפּ און אויסשטיין ענויים צוגלייך מיט די אַנדערע. אין דעם מאָמענט, ווען ער איז צו מיר צוגעקו־מען, איז ער נאָר וואָס צוריקגעקומען פון אַ דרייטאָגיקן קאַרצער. זייענדיק

אין קאָרצער, פֿלעגט ער איין מאָל אַ טאָג אין דער פֿרי אַרויסגיין אויף אַרויסצוטראָגן דעם עמער מיט אומריינקייטן, און נאָך דעם פֿלעגט ער זיך צוריקקערן אין זיין שמוציקער נאָרע. איצטער האָט ער אויסגענוצט דעם מאָמענט, וואָס קיינער איז לעבן מיר נישט געווען און אויסדריקלעך און קאַטעגאָריש געפֿאָדערט, אַז די יונגנט זאָל זיין געדולדיק, ווייל עס דער־נענטערט זיך דער מאָמענט פֿון אויסלייזונג. ער האָט דאָס עטלעכע מאָל איבערגעחזרט מיט אַ באַפֿעלערישן טאָן. איך האָב אַרויסגעפֿילט, אַז דאָס איז שוין ווירקלעך דער לעצטער טערמין און אַז דער סוף דערנענטערט זיך. ווען איך בין פֿאַרנאַכט צוריקגעקומען פֿון דער אַרבעט, האָב איך צו־נויפֿגערופֿן אַ פֿאַרזאַמלונג און נאָכגעקאָנטראָלירט, צי אַלץ איז ווי געהע־ריק צוגעגרייט. אַלע זענען געווען אויפֿגעהייטערט. די נאַכט האָט מען פֿאַרבראַכט אָן שלאָף. מיר האָבן זיך שוין געזען הינטער די טויערן פֿון גיהנום. די היצן זענען דערווייל געוואָרן אַלץ מער אומדערטרעגלעך. עס האָט געשטיקט אַזוי, אַז עס איז שווער געווען איינצושטיין אויף די פֿיס. דערצו האָבן נאָך אויסדאַמפֿונגען און אַ שרעקלעכע היץ געשלאָגן פֿון די אויוונס. אונדזערע פֿאַרפֿאָלגער האָבן מחמת דעם באַשלאָסן, אַז מיר זאָלן אַרבעטן פֿון 4 פֿאַרטאָג ביז 12 בייטאָג. 12 פֿלעגט מען אונדז פֿאַרשליסן אין די באַראַקן. מיר זענען ווידער געווען אין פֿאַרצווייפֿלונג. עס וועט שווער זיין זיך אַרויסצוקריגן. אָבער עס האָט זיך געפֿונען אַן עצה. מיר האָבן זיי אויפֿגעקלערט, אַז עס וועט זיין בעסער, אויב מען וועט די מתים ניכער פֿאַרברענען, און עס זענען פֿאַראַן וואָלונטירן, וועלכע זענען גרייט פֿאַר אַ שטיקל צוגאָב-ברויט צו אַרבעטן לענגער. זיי האָבן איינגע־שטימט. מיר האָבן איינגעשטעלט צוויי שיכטן — פֿון 12 ביז 3 נ"מ און פֿון 3 נ"מ ביז 6 נ"מ. מיר האָבן אויסגעקליבן פּאַסיקע מענטשן און האָבן טאָג-טעגלעך געוואַרט אויפֿן צייכן. הינטערן שטח פֿון אונדזער באַראַק איז געווען אַ ברונים, וואָס האָט צוגעשטעלט וואַסער אין קיך און אין דער וועשעריי. מיר האָבן אויסגענוצט אויך אָט דאָס „טירל", ביי וועלכער עס פֿלעגט איבעריקנס שטיין אַ וואַך. מען פֿלעגט אָפֿט אומנויטיק גיין נאָך וואַסער, כדי די וואַך זאָל זיך צוגעוווינען צו אונדזער אַרויסקומען.

איצטער איז כמעט נישט געווען קיין שום טראַנספּאָרטן, אויסער

עקזעקוציעס, וועלכע מען פלעגט דורכפירן איבער איינצלנע יידן. האבן דאך אונדזערע הענקער נישט געקענט זיצן אן א שטאך מלאכה.

אין איינעם א טאג זענען אלע ווידער אין א גוטער שטימונג. זיי קאנען צוריק טאן זייער רוצחישע ארבעט. זיי האבן קרבנות. מען האט נעבראכט א טראנספארט פון ווארשע, וואס האט כלומרשט געדארפט אפ-געשיקט ווערן קיין אויסלאנד. דאס זענען געווען מענטשן גוט סיטואירטע. עס האט זיך אויף זיי אנגעזען זייער וווילשטאנד. זיי זענען געווען ביי א טויזנט מענטשן, מענער, פרויען און קינדער. מיר האבן פארשטאנען, אז דאס איז א טראנספארט מענטשן, וועלכע האבן באצאלט א היפשע סומע, אז מען זאל זיי אפפירן ערגעץ-ווו, אין א זיכערן פלאץ. מען האט ביי זיי אלץ צוגענומען. אין ווארשע האט מען זיי געהאלטן, ווי איך האב זיך דאס שפעטער דערוווסט, אין ערשטקלאסיקן האטעל פאלסקי, אויף דלו-גא און מען האט זיי אויסגעענדיקט אין טרעבלינקע. מיר האבן זיך דער-ווסט, ווער דאס זענען געווען, לויט זייערע דאקומענטן, ווען מיר האבן געארבעט ביי סארטירן זייערע זאכן. זיי זענען אומגעקומען אזוי ווי אלע.

אויפן זעלבן אופן האט מען געבראכט טראנספארטן פון אויסלאנד. מען האט זיי געזאגט, אז מען פירט זיי אויף באזעצן אין א נייעם פלאץ, אין טרעבלינקע. און זיי פלעגן ארויסשטעקן די קעפ פון די וואגאנען אויף די סטאנציעס און נאכפרעגן זיך גאנץ רואיק, ווי ווייט איז נאך צו טרעב-לינקע. זיי האבן אויסגעמאטערטע געוואלט וואס גיכער דערגרייכן צו זייער מקום מקלט, ווו זיי וועלן זיך ענדלעך אויסרוען נאכן לאנגן וועג. זיי זע-נען אנגעקומען און זיי האבן נישט געהאט קיין צייט צו דערשרעקן זיך און ווערן איבערראשט, ערשט זיי האבן זיך שוין אפגערוט אויף אייביק. איצטער וואקסט לובין אויף זייער אש.

נאך אט דעם טראנספארט איז געקומען א טראנספארט פון טרעב-לינקער שטראף-לאגער. ארום 500 יידן. זיי זענען געווען האלב-לעבעדיק, איבערגעארבעט, אויסגעמוטשעט און צעמזיקט. אז מען האט אויף זיי געקוקט, האט זיך געדאכט, אז זיי בעטן אויף זיך אליין דעם טויט. מען האט זיי דערמארדעט ווי אלעמען.

מיר זענען שוין געווען נאנט צו דער גרענעץ פון אונדזער פיין. דער טערמין פון באפרייאונג האט זיך דערנענטערט. דעמאלט איז מיין שעף,

לעפלער, וואָס האָט מיך גוט באַהאַנדלט, איבערגעשיקט געוואָרן קיין מײַ-דאַנעק. ער האָט געוואָלט נישט אַנדערש מיך מיטנעמען צו אַרבעט. איך בין געווען אין אַ שרעקלעכער לאַגע. איך האָב געוווּסט, אַז אַן אומברח-מנותדיקער טויט לויערט אויף יעדערן פון אונדז. דער פּסק-דין איז אַרויס-געגעבן. אויב איך וועל אָנקומען קיין מײַדאַנעק, וועל איך אין די נײַע באַדינגונגען נישט קאָנען אַזוי שנעל אויסאַרבעטן זיך אַ וועג צו פרײַהייט. עס וועט אַוועק פיל צײַט ביז וואַנען איך וועל דערקאָנען נײַע מענטשן און נײַע באַדינגונגען. אָבער דער אויסוואַל אין פּלאַץ האָט זיך נישט גע-ווענדט אָן מיר. איך האָב נאָך געמוזט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז איך בין צו-פרידן, וואָס לעפלער האָט מיך אויסגעטיילט. צו מײַן גליק האָט דער „הויפּטשטורעמפירער" נישט דערלויבט מיך צוצונעמען. דערווײַל האָט ער מיך נאָך נעדאַרפט האָבן. מיר איז דאָס אויך געווען אויף דער האַנט. אין דער זעלבער צײַט, איך ווייס נישט אונטער וואָס פאַר אַן אײַנפלוס, האָט מען אונדז געהייסן שרײַבן בריוו. אויך דאָ האָבן זיך געפונען געגנוג נאַאיווע, וואָס האָבן געשריבן. שפּעטער האָב איך אַליין געזען, ווי מען האָט די בריוו געברענט. וואָס איז דאָס געווען — אַ קאַפּריז, אַ שפּיל, צי עפּעס אַנדערש — ווייס איך נישט.

די ענדגילטיקע, נישט אָפּצורופן מער, דאַטע פון אויפשטאַנד איז באַשטימט געוואָרן אויפן 2טן אויגוסט. מיר האָבן געפילט, אַז דער טער-מין איז שוין אַ זיכערער. מיר האָבן געפּאַדיעט אַרום די אײַנצלהייטן: צי אַלץ איז צוגעגרייט און צי די מענטשן געדענקען זייערע אויפגאַבן. עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז אַ רייע טעג בין איך נישט געקומען אין לאַ-גער איינס. איך האָב געמאַכט אַן אַכטקאַנטיקן בנין אין לאַגער 2 אויף צו צענעמען אים שפּעטער און אַריבערטראָגן אַליין אין לאַגער 1. דאָס האָט מיך אויפגערעגט, מחמת איך האָב זיך נישט געקאָנט פאַרשטענדיקן מיטן לאַגער איינס און די לעצטע דאַטע האָט זיך דערנענטערט.

דער טאָג פון 2טן אויגוסט 1943 איז אויסגעפאַלן זייער אַ הייסער. די זונען-שטראַלן האָבן דורך די קליינע, געבעכדיקע, פאַרקראַטעוועטע פענצטער זיך אַדורכגעגנבעט אין אונדזערע באַראַקן. מיר האָבן אַ גאַנצע נאַכט נישט צוגעמאַכט קיין אויג. דער באַגינען האָט אונדז געטראָפן אויף די פיס. יעדערער האָט געדענקט וועגן דער וויכטיקייט פון דעם מאָמענט.

מען האָט געטראַכט וועגן פרייהייט, אַלץ איז שוין פאַרמיאוסט געוואָרן. אַ נקמה אין די הענקער און פרייהייט. אַליין האָב איך געטרוימט וועגן רואיק איינשלאָפן ערגעץ אין אַ וועלדל און אָפּרוען. אָבער ערשט איצט האָבן מיר פאַרשטאַנען ווי שווער עס איז די אויפגאַבע, וועלכע מיר האָבן צו דערפילן. ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט — זענען פון אַלע זייטן וואַך-טורעמס. אויף זיי וועכטער מיט וואָפן. אויף יעדן טריט און שריט אַ באַוואָפנטער אוקראַינער אָדער דייטש. 12 בייטאָג פאַרשפּאַרט מען אונדז שוין אין באַראַק. דער גאַנצער לאַגער איז ארומגערינגלט מיט אַזוי פיל פּאַרקנס און גריבער. אָבער נישט געקוקט אויף דעם אַלעמען איז שוין געגנוג די פּיין, געגנוג די שרעקלעכע בילדער. מיר האָבן דערמיט געוואָלט מאַכן אַ סוף. איך האָב זיך געשטעלט פאַר אַ ציל דאָס צו באַשרייבן. אָנ-צייכענען דעם פּלאַן פון פאַרברעכנס-פּלאַץ און ווייזן עס דער וועלט. דאָס האָט מיר צוגעגעבן קראַפט אין קאַמף מיט אָט די טייוואָלאָנים. און ווען איך האָב אָנגעמערקט אַזאַ אַלגעמיינעם ציל, איז מיר לייכטער געוואָרן אריבערצוטראָגן דעם אומגליק. איצטער האָב איך בחוש געפילט, אַז איך וועל פון דעם אַלעם אַרויס גאַנץ און פריי. אין דער לופט האָט זיך גע-שפּירט, ווי עס דערנענטערט זיך דער שטורעם. מיר אַלע זענען אין דער גרעסטער שפּאַנונג. די דייטשן און אוקראַינער פילן גאָרנישט פאָראויס. זיי האָבן אומגעבראַכט מיליאָנען, זענען זיי שוין איינגעאיבט אין טויטן, דאַרפן זיי דען מורא האָבן פאַר אַ פאַרבליבענעם נעבעכדיקן הייפל? זיי גיבן אַרויס באַפעלן, וועלכע ווערן אויסגעפירט ווי תמיד. אָבער די פון אונדז, וועלכע געהערן צו דער קאָמיסיע, זענען אומרואיק. אונדז פעלן ידיעות. מיר ווייסן נישט די שעה. איך דריי זיך ווי אַ משוגענער. איך אַרבעט, טו אַלץ, אָבער איך האָב שרעקלעך מורא, אַז מיר וועלן דעם קאָנטאַקט נישט אָנקניפּן און אומקומען בחינם.

איך האָב געפונען אַ וועג צו פאַרבינדן זיך מיטן לאַגער איינס. מיין שעף, לעפלער, איז שוין נישטאָ. עס איז פאַראַן אַ נייער, זיין נאָמען ווייס איך נישט. מיר רופן אים „בראָנזענע העמד". צו מיר באַציט ער זיך זייער גוט. איך גיי צו צו אים און בעט ברעטער. דער ברעטער-סקלאַד איז אין לאַגער איינס. ער וויל מיך נישט אָפּרייסן פון דער אַרבעט און גייט מיט עטלעכע אַרבעטער נאָך די ברעטער. מען ברענגט די ברעטער. איך באַ-

טראַכט זיי, מעסט זיי, זאָג, אַז זיי טויגן נישט און אַז איך מוז צום באַ־דויערן אַליין גיין אויסקלייבן. איך גלייך זיך אויס און מאַך אַ קרומע מינע, ווי איך וואָלט נישט געהאַט קיין חשק צו דעם. איך גיי מיטן שעף צום סקלאַד און ציטער פון אויפרעגונג. איך פיל, אַז אויב איך וועל נישט אויסנוצן אָט די געלעגנהייט, זענען מיר פאַרלאָרן. איך בין שוין אין לאַגער איינס. איך קוק זיך אומרואיק אַרום, צי וועט מיר זיין באַשערט אויס־צופירן אַזאַ גרויסע אויפגאַבע? איך האָב מיט זיך נאָך דריי מענטשן. דעם סקלאַד היט אַ ייד פון אַ יאָר 50 אין ברילן. איך ווייס גאָרנישט וועגן אים, מחמת ער איז פון לאַגער איינס. ער האָט אָבער געהערט צו דער פאַר־שווערונג. דריי פון מיינע צוהעלפער האָבן גערעדט מיטן דייטשן שעף און איך האָב כלומרשט אָנגעקליבן ברעטער. איך בין בכיוון אוועק אין אַ זייט פון אַלעמען און אַלץ געקליבן. פּלוצלינג הער איך, עמיצער פּליס־טערט מיר אין אויער: היינט אומאָפּרופלעך 5.30. איך קער זיך אום גלייכגילטיק, און זע פאַר זיך יענעם יידן, וואָס היט די ברעטער. ער חזרט דאָס איבער נאָך אַמאָל און גיט צו — „עס וועט זיין אַ צייכן". איך רייב דורך די אויגן און גלויב נישט זיך אַליין.

פיבערהאַפט נעם איך די ברעטער, וואָס זענען אונטער דער האַנט. איך הייס די חברים זיי נעמען און גיי צו דער אַרבעט. איך ציטער. איך שרעק זיך, אַז מען זאָל אין מיר נישט דערקענען מיין צערודערונג. אַזוי איז אַדורך די צייט ביז 12 אַזייגער. 12 זענען אַלע געקומען פון דער אַר־בעט. ווידער אַ צונויפקום פון אונדזער קאָמיסיע. איך גיב זיי איבער די ידיעה. איך בעט, אַז אַלע זאָלן זיין רואיק און געדענקען זייערע פליכטן. די יוגנט איז שטאַרק אויפגערודערט. ווען איך קוק אויף אונדזער קליינער גרופּקע, הויב איך אָן צו גלויבן אין זיג. מיר מערקן אָן וואָלונטירן פאַר דער נאָכמיטאָקדיקער אַרבעט. די ערשטע פּאַרטיע האָבן מיר אָנגעמערקט אָן ערגערע און אַ שוואַכערע: זי האָט נישט צו דערפילן קיין שום אויפ־גאַבן. אָט די גרופּע איז דריי אַזייגער צוריקגעקומען. דעמאָלט זענען אוועק אונדזערע וואָלונטירן. דאָס זענען געווען דרייסיק מאַן, די דרייסטסטע, די מוטיקסטע און די שטאַרקסטע. זיי האָבן דאָס געדאַרפט דורכריייניקן דעם וועג פאַר די, וועלכע וועלן אַנטלויפן אויף די פאַרשידנסטע אופנים. אויסער דעם האָבן מיר אויסגעקליבן די פאַסיקסטע מענטשן צום ברונים.

פינף פארנאכט איז געוואָרן א גרויסע באַדערפעניש אין וואסער. מען האָט אין גאַנצן געעפנט דעם טויער, וואָס האָט געפירט צום ברונים, און צוליב דער גרויסער נויט אין וואסער האָט מען פארגרעסערט די צאָל וואסער־טרעגער. די, וואָס האָבן געאַרבעט ביי די מתים, האָבן געטראָגן נאָר גע־שטרייפטע קאָמבינעזן. פאר טראָגן קליידער האָט מען געקריגן 25 שמיץ. אין יענעם טאָג האָבן זיי אונטער די קאָמבינעזן אָנגעטאָן קליידער. בעתן אנטלויפן האָבן זיי באַדאַרפט די קאָמבינעזן אוועקוואַרפן, אנדערש וואָלט מען זיי דערקענט. מיר זענען פארבליבן אין באַראַק. מיר האָבן זיך צו־גויפנעדרענגט און געקוקט איינער אויפן צווייטן. יעדער ווײַלע האָט אַן אנדערער דערמאָנט, אַז די צייט דערנענטערט זיך. וואָס מיר האָבן אי־בערגעלעבט, איז שווער צו שילדערן. מיר האָבן אין אונדזערע געדאַנקען זיך געזעגנט מיטן פּלאַץ, ווו עס רוט דאָס אַש פון אונדזערע ברידער. צער און ליידן האָבן אונדז צוגעשמידט צו דעם דאָזיקן פּלאַץ. אַזוי פיל אומשולדיקע זענען אומגעקומען אָט דאָ, פון וואַנען מיר ווילן נאָך אַנט־לויפן לעבעדיקערהייט. זייערע גרויסע רייען, ממש קאַראַהאָדן פון טויט, זענען אויסדריקלעך געשטאַנען פאר אונדזערע אויגן און האָבן גערופן צו נקמה.

מיר ווייסן, וואָס די ערד האָט איינגעשלונגען. מיר זענען די איינ־ציקע עדות דערפון. שטילשווייגנדיק האָבן מיר זיך געזעגנט מיטן אַש פון אונדזער פאָלק און צוגעזאָגט, אַז פון זיין בלוט וועט אויפשטיין א נקמה־נעמער.

פּלוצלינג הערן מיר א רוף: א שאָס אין דער לופטן.

מיר רייסן זיך אויף פון די ערטער. יעדער וואַרפט זיך אויסצופילן די אויפגאַבע, וואָס איז פריער פאר אים באַשטימט געוואָרן. יעדער פילט אַלץ אוים געוויסנהאַפט. צו די שווערערע אויפגאַבע איז פאַררעכנט דאָס אַראָפּשלעפּן די אוקראַינער פון די אָבסערוואַציע־טורעמס. ווען זיי וואָלטן באַצייטנס אָנגעהויבן אויף אונדז שיטן מיט קוילן, וואָלטן מיר נישט אַרויס קיין לעבעדיקע. זיי האָבן געהאַט א גרויסע תאווה צו גאָלד און האָבן כסדר געהאַנדלט מיט יידן. ווען עס איז געפאַלן א שאָס, האָט זיך איין ייד דער־נענטערט צום טורעם און באַוויזן דעם אוקראַינער א גאָלדענע מטבע. יע־נער האָט לחלוטין פארגעסן, אַז ער געפינט זיך אויף דער וואַך, האָט גע־

לאָזן שטיין דאָס מאַשין-געווער און איז שנעל אַראָפּגעלאָפן, כדי אַרויס-צונעמען פון ייִד דעם אוצר. צוויי אַנדערע ייִדן האָבן אין אַ זייט געוואָרט אויף אים. פּלוצלינג האָט מען דעם אוקראַינער געכאַפּט, דערהרגעט און צוגענומען זיין געווער. אויך מיט דער וואַך אויף די טורעמס האָט מען זיך שנעל אַן עצה געגעבן. יעדער, וועמען מען האָט אויפן וועג באַגעגנט איז דערהרגעט געוואָרן. דער אָנפאַל איז געווען אַן אומגעריכטער. איידער זיי האָבן זיך באַוויזן צו אָריענטירן — איז שוין דער וועג געווען פּאַר אונדז אָפן. פון דער וואַך-שטוב האָט מען אַרויסגעטראָגן געווער, און יע-דער האָט גענומען, וואָס ער האָט נאָר באַוויזן. תיכף נאָכן סיגנאַל האָט מען ביים ברונים דערהרגעט דעם וואַכמאַן און צוגענומען זיין געווער. אַלע זענען מיר אַרויסגעלאָפן פון באַראַק און יעדער האָט פאַרנומען זיין פּאָ-זיציע. אין משך פון געציילטע מינוטן האָט אַלץ געברענט.

מיר האָבן מוסטערהאַפט אויסגעפירט אונדזער הייליקע פליכט. איך האָב זיך באַוואָפנט און געשניטן אַרום זיך אויף רעכטס און לינקס. ווען איך האָב געזען, אַז אַלץ ברענט און דער וועג איז אָפן, האָב איך געכאַפּט די האַק און אַ פּייל און בין אַנטלאָפן.

די ערשטע מינוט זענען מיר געווען די באַלעבאַטים פון דער סי-טואַציע. אָבער — אין אַ קורצער ווײַלע אַרום האָט זיך פון אַלע זייטן אָנגעהויבן אַ געיעג אויף אונדז — פון מאַלקין, קאָסאָוו און פון דעם שטראָף-לאַגער טרעבלינקע. ווען מען האָט דאָרט (אין טרעבלינקע) באַ-מערקט אַ פייער און געהערט שאָסן — איז מען געקומען העלפן.

אונדזער ציל איז געווען — אַריינצובאַקומען זיך אין וואַלד.

דער נאָנטסטער וואַלד האָט זיך געפונען 8 קילאָמעטער פון לאַגער. מיר זענען געלאָפן איבער בלאָטעס, פעלדער און גריבער. אויף יעדן טריט און שריט האָט מען אונדז נאָכגעשאָסן. יעדע סעקונדע איז געווען טייער.

נאָר זיך אַריינצובאַקומען אין וואַלד — דאָרט וועלן די רוצחים נישט קומען. אַזוי לויפנדיק אָן אָטעם פאַראויס, האָב איך געמיינט, אַז איך בין געראַטעוועט. פּלוצים דערהער איך הינטער זיך אַ רוף: „שטיי". איך בין שוין געווען שרעקלעך אויסגעשעפּט. דאָך האָב איך אָנגעהויבן שנעלער לויפן. איך זע — דער וואַלד איז שוין גאָר נאָענט, ממש אַ פּאָר שריט. איך נעם צונויף אַלע כוחות, אַבי אויסהאַלטן. דער געיעג ווערט

אלץ נענטער. איך הער שוין די טריט פון מיינע פארפאָלגער. פּלוצים דערהער איך אַ קלאַפּ — און אין דעם מאָמענט דערפיל איך אַ שטאַרקן ווייטיק אין דער לינקער האַנט. איך דריי זיך אוים און פאַר מיר שטייט דער וואַכמאַן פון טרעבלינקע און צילט ווייטער אין מיר פון אַ רעוואָל-וועך-אויטאָמאַט, אַ ניינטל. איך קען מיך גוט אויף געווער. איך האָב באַמערקט, אַז דער רעוואָלווער האָט זיך פאַרהאַקט. האָב איך אויסגענוצט דעם מאָמענט, איך האָב מיט אַ כיוון אָנגעהויבן פּאַמעלעכער צו גיין. איך האָב אַרויסגעצויגן די האַק. דער אוקראַינער איז אַליין צוגעלאָפן צו מיר און געשריען אויף אוקראַיניש: „הער אויף, שטיי, ווייל איך וועל שיסן". איך האָב זיך דערנענטערט צו אים און מיט דער האַק אַדורכגעשניטן זיין ברוסט פון דער לינקער זייט. ער איז געפאַלן צו מיינע פיס און אויסגע-שריען אַ רוסישע קללה.

איך בין געוועזן פריי און בין אַריינגעלאָפן אין וואַלד. ווען איך בין דורכגעגאַנגען אַ היפּשע שטיקל וועג, האָב איך זיך אוועקגעזעצט צווישן די קוסטעס. פון דער ווייטנס האָט זיך דערטראָגן אַ געדיכטע שיסעריי. אַ קויל — אַ וואונדער איבער וואונדער — האָט מיך ניט פאַרוואונדעט. זי האָט דורכגעשלאָגן אַלע מלבושים און זיך אָנגעשלאָגן אָן דער לאָפּאַטע, בלויז איבערלאָזנדיק אַ צייכן. איך האָב זיך אָפּגערוט איינער אַליין.

שוין דערשינען

מאַרק טורקאָוו

# מלכה אָוושיאַני דערציילט...

(כראָניק פון אונדזער צייט)

פ ר ע ס ע - ש ט י מ ע ן :

„דאָס בוך „מלכה אָוושיאַני דערציילט"... אָטעמט מיט אונדזער היינטצייטיקן טרויער און צער און וועקט אויף און צעטרייסלט אונדזער רואיקייט און זאַטקייט. אַזאַ בוך דאַרף זיך געפינען אין יעדער יידישער שטוב.

מיט דעם בוך פאַנגט אָן דער צענטראַל-פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע אָן ערנסטע פאַרלאַג-טעטיקייט. דאָס איז ס'ערשטע בוך פון דער סעריע „דאָס פוילישע יידנטום", וואָס וועט אַרומנעמען ווערק פון באַקאַנטע שרייבער און מאָנאָגראַפיעס פון פּערזענלעכקייטן און שטעט, ווי אַ בייטראָג צו דער געשיכטע פון דעם פוילישן יידנטום.

(„די יידישע צייטונג")



„מאַרק טורקאָוו האָט אויפגענומען ביי מלכה אָוושיאַני אַלע איינצל-הייטן פון אירע שוידערלעכע איבערלעבונגען און זיי איבערגעגעבן אין דער דערציילערישער פאָרעם און מען דאַרף זאָגן, אַז דאָס בוך וועט בלייבן ווי איינער פון די גרויל-אפּטיקסטע דאָקומענטן פון דער צייט און וועט דינען פאַר אַ באַשולדיקונג-אַקט לדורות.

„דאָס דאָזיקע בוך דאַרף געלייענט און פאַרשפּרייט ווערן און עס

וואָלט געווען זייער גוט, אַז מען זאָל אים איבערזעצן אין שפּאַניש, כדי עס זאָל אים לייענען אויך שפּאַניש-רעדנדיקע יידן און נישט-יידן".

(„די פּרעסע")



„צוזאַמען מיט מלכה אָוושיאַנים בלוט-פאַרגליווערנדיקע איבערלע-בענישן פאַרנעמען מיר אויך דאָ, פון צווישן די שורות אַרוים, דעם טיפן קרעכץ און ווײ פון דעם פאַרצייכענער מאַרק טורקאָוו, וואָס האָט דאָ נישט געטראָגן בלויז זשורנאַליסטיש-אַקטועלע אַרבעט, נאָר אַריינגעלייגט אין דעם בלוט און נשמה און געטאָן אַן עבודה מיט ליבשאַפט און יראת ההתרוממות צום גאַנצן פּוילישן יידנטום.

לייענען דאָס בוך און עס איינשאַפן פאַר יעדנס פּריוואַטע ביכער-שאַנק, הייסט: ענגער זיך פאַרבינדן, זיך משתתף זיין מיט די פּיין און ליידן פון אונדזערע ברידער און שוועסטער אין פּוילן און דורך אַ פאַרפליכ-טונג צו מעשים הייליקן דאָס ריינע געוויסן".

(„הײנטיקע נײעס")

ה. ד. נאָמבערג

# י. ל. פרץ

פ ר ע ס ע - ש ט י מ ע :

„דאָס איז באמת א פיינער ביישטייער צום פרץ-יאָר, וואָס ווערט איצט געפייערט אין דער יידישער וועלט אין צוזאמענהאנג מיט פרצס דרייסיקסטן יאָרצייט. אין נאָמבערגס אָפשאצונגען וואקסט אויס די פרץ-געשטאלט און עס אָטעמט דאָ מיט פיעטעט יעדע שורה".

(„די אידישע צייטונג")



„נאָמבערגס „י. ל. פרץ" איז שוין דאָס צווייטע בוך, וואָס דער צענטראל-פארבאנד האָט ארויסגעגעבן און ווי עס איז צו זען, איז דאָס ביכל ארויסגעגעבן מיט פיעטעט און מיט ליבשאפט צום יידישן בוך און צו דעם שרייבער און דער פארבאנד איז ווערט באגריסט צו ווערן פאר דער שיינער איניציאטיווע".

(„די פרעסע")



„דורכן דאָזיקן בוך פארצייכנט פאר זיך דער צענטראל-פארבאנד פון פוילישע יידן א גרויס געווינס. אזא געקליבענע פארלאג-ארבעט, אין א צייט פון נאָך-חורבן, איז פארן פארבאנד און פארן גאנצן ישוב א כבוד און א נוצן. זאָל דאָס דאָזיקע בוך זיך געפינען אין יעדער יידיש הויז וואָס פארמאָגט נאָך א ביכער-שראנק, בפרט נאָך ווען די גאנצע הכנסה דערפון איז באשטימט אויפן הילפס-פאָנד פאר די געראטעוועטע יידישע קינסט-לער און שרייבער".

ב. וויינשטאָק („היינטיקע נייעס")

